ל. חין

# בארג ארויף

ד ע ר צ י י ל ו נ ג ע ן
פונעם נייעם ישראל-לעבן



ארויסגעגעבן פון דער
צענטראלער וועלטלעך-יידישער שול-ארגאניזאציע
„צ ו י ש אָ"
בוענאָס איירעס

# יעמאַלט

זיי זיינען געזעסן אויף אַ צעבראָכענעם פּאַרקאַן פון גאָלן שטיין און אַראָפּגעקוקט אויף דער שטאָט. אָט האָט זי זיך געשפּרייט באַרג אַראָפּ צום ים, די הייזער זיינען געקראָכן איינס אויף דעם צווייטן און געגלאַנצט מיט ווייסער נאַקעטקייט. דערפאַר איז דער ים געווען בלאָער ווי דער הימל, און די שיפּועים פון די בערג זיינען געווען אויסגעצירט מיט אַ שלל בלומען. גיט אַ בלאָז אַ וואַרעם ווינטל, כוואַליען זיך רויטע מאָן־בלומען און גלעטן מיט די קעפּ דעם גרינעם דיוואַן. לעבער־בלומען ציטערן פּאַרוואָרלאָזטע, איינציקע נאַרציסן טוליען זיך צו זייערע שאַרפלעכע לאַנגע בלעטער, און אַלטע באָקסער־ביימער און איילבירטן מורמלען אין דער שטיל. נאָר די פייגן־ביימער שטייען הויל־נאַקעט און אומבאַוועגלעך און שמעלצן פעטע קנאָספּן אויף דער זון: וואַרט אויף, וועט איר זען ווי מיר וועלן זיך פאַרפּוצן. דער ניסן בליט זיך ערשט פונאַנדער...

ביידע זיינען זיי געזעסן אויפן צעבראָכענעם פּאַרקאַן פון געלן שטיין און געקוקט אין דער בלאָער אומענדלעכקייט. זיי האָבן מער נישט גזען דעם פּראַכט פון צופיסנס, ס׳האָט זיי געקרעמפּט דער הונגער, ברויט איז שוין צוויי טעג נישטאָ אין קבוצה, קרויט מיט זאַלץ איז נמאס געוואָרן; וואָלט כאָטש צוקער געווען, וואָלט מען אויפגעזידט דעם גרויכן טשיי־ניק און געטרונקען טיי, גראָד וואַלגערן זיך עטלעכע פּעקלעך אין דער שאַפע פון מחסן, אָבער צוקער נישט קיין פּיצל.

זיצן ביידע און קלערן, אַז אָט איז אונטן אין שטאָט אומרואיק, די קראָמען זיינען געשלאָסן. דער איינציקער מקור פאַר אַרבעט, דער פּאָרט — איז אויך געשלאָסן. טאָמער הערט מען זינגען אַ שיף, איז דאָס נישט פון יענע שיפן, וואָס ברענגען ברעטער, אייזן, קאַסטנס מיט סחורה און גרופּן חלוצים אויף די צווישנדעקן; ניין, דאָס זיינען ריזיקע שיפן מיט

דריי, מיט פיר קוימענס, מיט ליכט אָן אַ שיעור, מיט אַ פּאַרשטיקטן ברום, שיפן וואָס ברענגען פּילגערס און אַמעריקאַנער טוריסטן, אַלטע, הויכע זקנים, מיט בינאָקלען און פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן ביי די זייטן. זיי קומען אין „האָלי-לענד", זיי קומען אַהער צום „דזשיזעס-טאָמב" אָדער צום „רייטשל-טאָמב", און דערנאָך פאַרקערעווען זיי אין מצרים, דאָרטן איז זיי גאָר טשיקאַווע. דאָרטן האָבן זיי ריזיקע פּיראַמידן מיט אָפּגעמאָלטע נעזער, און ראָמאַנטישע נסיעות אויפן נילוס, פּאַלעסטיין איז הייליק, „עדזשיפּט" איז אינטערעסאַנטער...

דיביידע, שמואל און שלמה, האָבן געהערט צו דער קבוצה „אחוה" אויפן כרמל-באַרג. אַ יאָר מיט אַ האַלבן דאָ אויפן כרמל, און ס'דוכט זיך אויס, עט, ווער ווייס גאָר ווי לאַנג זיי לעבן דאָ, ווי זיי וואָלטן דאָ מיט די שטיינער צוזאַמען אויסגעוואַקסן. דאָס שווייגן האָט איבערגע-ריסן דער גלאָק פון דער קבוצה. ער האָט געהילכט אין ליכטיקן חלל אַריין און גערופן צום מיטאָג, אַ מיטאָג פון גרינע קרויט מיט זאַלץ, מיט אַ צוביים: בעבלעך, האַרטע בעבלעך געדעמפּפטע אין ביטערע אייל. ווי דער הונגער האָט נישט דערקוטשעט, האָבן זיי קיין חשק נישט געהאַט זיך אויפצוהויבן פון אָרט; זיי וואָלטן דאָ געזעסן, געזעסן אָן אַ סוף. אַזוי איז פאַרבייגעלאָפן נאָך אַ שעה. נאָך דער גלאָק קלינגט ווייטער אַביסל געלאַסענער ווי פריער. ווייזט אויס, אַז ברוך דער שומר האָט שוין דעם הונגער געשטילט מיט אַ היפּשער פּאָרציע גרינע קרויט און געדעמפּפטע בעבלעך. ברוך איז נישט קיין איבערקלייבער ביים עסן, אַזוי האָבןביידע געקלערט.

בכלל איז ברוך אַ ווילער יונג, טאָמער מאַכט זיך אים ביינאַכט אויף שמירה אַ „לייטישע" הון, מאַכט ער איר אַליין צורעכט, צינדט אָן דעם פּרימוס, שיט אָן אַ טאָפּ בעבלעך, בראָקט אָן ציבעלעס, און אַז ער קלינגט אין מיטן נאַכט און דער עולם שפּרינגט צעשראָקן אַראָפּ פון די בעטלעך אויף דעם נאַקעטן דיל אין די הייזלעך, באַרואיקט מען זיך באַלד, מען ווייסט, אַז דאָ שמעקט נישט קיין סכנה פון אַן אָנפאַל, נאָר אַזאַ באַטעמטער ריח פון געקאָכטער הון מיט בעבלעך, וואָס פאַרכאַפּט אַלע חושים. סאַראַ מחיה ס'איז צו זיצן נאָכדעם, צוצופּיבערן פון קעלט און אויסהערן ברוכס עליות:

מורנו ורבנו ר' שמואל מכבד מיט אַ פּופּיק,
מורנו ורבנו ר' שלמה מכבד מיט אַ גערגעלע
מרת רעבעצן בת יענקל מכבד מיט אַ פליגעלע...

דער עולם נאָגט די ביינדלעך, מען זופּט בקול די הייסע זופּ פון די בלעכענע טעלערס, ס'ווערט וואַרימער, פרייליכער, און אַמאָל לויפט אַרויס ברוך נאָך אַזאַ מין „קום-זיץ", ערגעץ אין דרויסן, און ברענגט

אריין א פלעשל וויין: „דאס ליגט שוין ביי אים נאך פון יענער נסיעה קיין תל־אביב", ווען זיינער אן עלטער־פעטער איז אויך געקומען פון באסטאן אין „האלי־לענד" און האט אים געוואלט געבן „צען דאלאר". די דאלארן האט ברוך נישט גענומען, אבער צוריקוועגס האט ער עטלעכע פלעשלעך פון עלטער־פעטערס טיש יא מיטגענומען, „לאזן די חברה וויסן, אז כ'האב אן עלטער־פעטער אין באסטאן, וואס האט א לעבן אפּגעהאנדלט מיט דזשין, און איז אויף דער עלטער געקומען אנקוקן „רייטשעלס טאמב"...

נאכדעם גייט קיינער נישט שלאפן, מען פוילט זיך שלאפן אין די נעכט, בעסער טאנצן, טאנצן ביז משוגעת. חייקע, וואס ארבעט אין מטבח, שרייט: „איר זענט נישט חולה שלאפן בייטאג, וועט איר אזוי פיל נישט שנארן ארום די טעפּ". ס'הארץ קלעמט איר דערביי: ווען זי קען, וואלט זי דער חברה אנגעקאכט גאנצע פעסער, נאר דער מחסן איז ליידיק, קיין ארבעט איז נישטא, נישטא נישט א טאג ארבעט; מען רעדט פון טאבאק פלאנצן אין יהודה, דערווייל ע הונגערן זעכצן יונגן מיט זיבן מיידלעך און לעבן פון גרינע קרויט מיט געדעמפּפטע בעבלעך אין ביטערן שמן...

יא, דאס קלינגט מען אויף אן אסיפה, מען מוז דאך עפּעס באשליסן, נישט קיין תכלית אז דריי און צוואנציק פּאר הענט זאלן זיך אזוי סתם באמבלען ביי זעכצן יונגען און זיבן מיידלעך, סתם פארזשאווערט ווערן.

שמואל מיט שלמהן קריכן אראפּ פון צעבראכענעם פּארקאן און שלעפּן זיך פויל צו דער מחנה. אונטן ברומט א גבירישע שיף און שפּייט מיט קנוילן רויך צום בלויען הימל; איבערן קאפּ פלאנירן א פּאר שפּארבער, ווייזט אויס א שלענגל אדער א שפּערל דערשמעקט. שמואל מיט שלמהן קומען אריין אין צריף, זעצן זיך צום טיש, זיי הערן יא זיי הערן נישט: מען פירט א וויכוח וועגן איבערטראגן די מחנה אויף אן אנדער פונקט. אמת, שיין איז דא — משוגע צו ווערן, אבער זאט ווערן קען מען דערפון אויך נישט. איצט א נייע צרה! ס'איז מסוכן צו גיין היינט אין שטאט. דארטן קומען זיך צונויף אלע אוונט די עטלעכע הונדערט ארבעטער או זיצן אויפן דאך, אויפן טרעפּ, אויף די פּארענטשעס פון דער טעראסע, ווו ס'געפינט זיך די „הסתדרות". זיצן און ווארטן געדולדיק אויס, ביז מען צעטיילט די הונדערט און צוואנציק, הונדערט און פופציק ארבעטס־טעג פאר דריי, פיר הונדערט מאן. חברה זיצן, זינגען, זאגן חכמות, מען שמירט אויס א האנט אין קאלך און מען לייגט עס נאכדעם אוועק איינעם אויפן פּלייצע. חברה האבן וואס צו לאכן. קומען־צו „קבועים" צאלן דעם שטייער, מאכט מען פון זיי חוזק, אבער אין הארצן

איז עס א פארדראס: יענע ארבעטן בסדר יעדן טאג און דא זיצן זיי אלע אוונט און קוקן אויס דעם טאג ארבעט. שפעטער גייט מען אלע בחברותא צום דייטשן בריק, מען זינגט, מען טאנצט, אדער ס'פארוויקלען זיך פייערדיקע וכוחים, צי אזוי קען מען בויען א יידישע סאציאליסטישע ארץ־ישראל, צי אזוי קען מען נישט אויפטאן גארנישט...

באשלאסן איז געווארן, אז שמואל גייט אין דער ארגאניזאציע, ער איז לעולם נישט פון די רעדנערס, נאר זיינע געציילטע רייד זיינען גע־זעצטע, לאגישע, און ער קען נעמען, האט מען פאר אים דרך ארץ.

שמואל גייט אין שטאט, שלמה באגלייט אים שווייגנדיק, נאר זיי פארשטייען זיך אן רייד. שמואל ווייסט אז שלמה גייט דא איצט איבער העניען. אן אלטע מעשה. צוויי האבן זיך ליב און קענען זיך נישט גע־פינען. זיי לעבן פון גרוסן. עס ווערט דערעסן דאס שווייגן.

— שלום שמואל!

— שלום, שלמה!

אז שמואל איז שוין אפ א שפאר שטיקל בארג, רופט אים שלמה צוריק:

— שמואל! יא, אז וועסט איר זען... זע, צי ס'איז דא פאסט פאר אונדז.

— שלום, שמואל.

ווייטער א שטיקל בארג אראפ, שלמה לויפט אים נאך:

— „יא, שמואל, אז וועסט איר זען — גרים פון מיר", — זאגט ער אפ געשווינד און קוקט אן א זייט. וועסט זען צי ס'איז דא פאסט...

שמואל שפאנט בארג אראפ, אליין אט איז ער שוין אין הרצליה. ער שפאנט איבער די שפיציקע שטיינער, ער קלערט איבער זיינע רייד, וואס ער דארף זאגן אין הסתדרות: ס'איז, חברים נישט קיין יושר אזוי צו האנדלען, דער כרמל איז א טייל פון דער שטאט, איר דארפט אונדז נעמען אין תור אריין ווי אלע איבעריקע חברים, דעם כרמל מוז מען אויך דעראבערן, ווי אן אנדער פונקט, יא, חברים...

שפעט אין אוונט, שמואל שפאנט צוריק, באגאסן מיט שוויים אבער גיך, מיט א בשורה פאר די חברים, אז היות מען גייט איצט בויען די ערשטע כבישים אויפן „הדר", ארבעט ווערט איצט ווי בלאטע, שוין מארגן קענען ארויסגיין ניין מאן, און אט טראגט ער פינף פונט מזומן, א שפארן קויש מיט פראדוקטן, גענומען אויף בארג אין ה„משביר". ס'הארץ צאפלט אים פון פרייד. ווידער האט ער א גרוס פאר שלמהן.

ער האט געזען העניען. „בנאמנות, ווי זי אליין איז צוגעגאנגען צו מיר און האט זיך אויסגעפרעגט אויף דיר" — אזוי וועל איך שלמהן דער־ציילן. און שלמה וועט ווילד ווערן פאר פרייד, ער וועט טאנצן דער ערש־

טער, נעמען חייקעס רויט טיכל אין האנט, זיך אריינכאפן אין מיטן פון דער פלאמיקער ראָד, וואַרפן מיט דער טיכעלע און ביז הייזעריקייט טאַנצנדיק שרייען:

ווער וועט בויען דעם גליל?
מירן בויען דעם גליל!
יא חי—לי—לי—לי—
יא חי—לי—לי—לי—
יא כאוואדזשא מוסא...

שמואלן ווערט פריילעך אויפן האַרצן, ער פּאַרציט אַ ניגון אָט גייט אויף די לבנה פון די ווייטע בערג אין גליל, דער הימל ווערט גאָלד־ליכ־טיק, און די גאָלדענע ליכט פאַלט אין ים אריין, שפּיגלט זיך דער הימל אין גאָלדענעם ים, און אַ גרויסע גאָלדענע לבנה שווימט מאַיעסטעטיש פון אונטער די בערג ארויס, דער גאַנצער טאָל זבולון פלאַמט אויף אין פאַרכישופטן ליכט, אַלע זומפּן גלאַנצן, די סטעזגע פון קישון צעשניידט דעם טאָל אין צווייען. די לבנה שטייגט העכער־העכער, שמואל זינגט אויפן קול. אַ פאַרבאָרגענע פרייד שפּרודלט ארויס פון יעדן גליק באַזונ־דער. שמואל איז מיד, ער זעצט זיך צו אויף אַ שטיין. נעמט ארויס אַ טיכל אָפּצווישן דעם שוויס, ער איז מיד, אזא מהלך: פון שטאָט ביז אויבן אויפן באַרג!

***

צוועלף בייַנאַכט. טויט שטיל איז אין קבוצה „אחוה" אויפן כרמל. דער ווינט וויינט אין די שפּאַרעס פון צעטריקנטן צריף.

דער ווינט לעשט דעם פאַררויכערטן נאַפט לאָמפּ, אַ דריקנדער אומ־רו ליגט צעלייגט אויף די פּופּצן יונגען מיט זיבן מיידלעך: צוועלף בייַ־נאַכט, און שמואל איז נאָך נישטאָ.

פינצטערע מחשבות ווינען אריין דורך די שפּאַרעס פון צעבראָכע־נעם צריף און גנבענען זיך אין די געמיטער. קיינער רעדט ניט. מען רוי־כערט איין ציגאַר נאָכן צווייטן, דער ווינט וויינט, שאַקאַלן וויינען, פון אונטן ברומט דער ים.

שלמה שפּרינגט אויף אַ צעשויבערטער: ניין, ער וועט עס נישט אויסהאַלטן, וואָרום וואָס זיצן מיר?! — „וואָס זיצן מיר!" האָט ער אויסגעשטורעמט אין אַ ביטערן געשריי, לאָמיר גיין אים זוכן! —

און ווי אַ שטורעם איז ער ארויס פון צריף צום באַרג אַראָפּ, נאָך אים די חברה בראש מיט ברוכן, ער האָט אפילו נאָך נישט באַוויזן אַ כאַפּ צו טאָן די צווייערריקע יאגד־ביקס אויף די פּלייצעס.

זיי האָבן געפונען שמואלן אין הרצליה. ער איז געזעסן אויף דער ערד מיטן קויש אין האַנט, זיין קאָפּ איז געלעגן אויף אַ ווייסן שטיין ס'ווייסע העמדל מיט די קורצע ברוינע הייזלעך דורכגענעצט אין אַ טונקל־רויטער פליסיקייט. די לבנה האָט קאַלט געלויכטן.

— האַ — האַ — האָט שלמה געכליפּעט.

ברוך האָט שמואלן אַ כאַפּ געטאָן פאַרן האַנט, די האַנט — איז קאַלט, ווי אַ האַלץ איז זי צוריקגעפאַלן צו דער ערד.

איז מען געזעסן ביז טאָג, די מיידלעך האָבן געכליפּעט, די יונגע האָבן געראַויכערט ציגאַרן איינס נאָך איינס, ברוך איז נאָך אַלץ נישט גע־קומען פון שטאָט, ער איז אַוועק צו דער פּאָליציי.

ווען דער באַגינען האָט געגרויט, האָט דער דאָקטאָר געהייסן די חברה, זיי זאָלן שמואלן איבערדרייען, אַז ער, היות ווי ער דאַרף שרייבן אַ ראַפּאָרט. זיי האָבן שמואלן איבערגעדרייט, און אין זיין פּלייצע האָט געשטעקט „אַ קרומער מעסער 17 סענטימעטער לאַנג, 2½ סענטימעטער ברייט, וואָס האָט דורך דער פּלייצע פּוגע געווען ס'האַרץ, ס'איז פאַר־געקומען אַ שטאַרקער בלוט־אויסגוס וואָס האָט אַרויסגערופן דעם טויט". אַזוי האָט דער דאָקטאָר פאַרשריבן אין זיין ראַפּאָרט.

דער פּאָליציי־אָפיציר האָט געשריבן: „נישט ווייט פון הרוג איז געלעגן אַ זיידענע טיכעלע מיט בלוט־פלעקן, אויפן טיכעלע איז געווען אַ מאָנאָגראַם „ג. גה." נישט ווייט פון טיכעלע אַ נייער תרבוש פון טונקל־רויטן קאָליר".



און די קבוצה האָט געאַרבעט אויף די נייע כבישים. ברויט איז גע־ווען בשפע, פלייש האָט מען געגעסן פיר מאָל אַ וואָך, צוקער איז אויך געווען. נאָר אַ שטילער אומעט איז געהאַנגען איבער דער מחנה. פינף חדשים האָט קיינער נישט געטאַנצט, פינף חדשים האָט קיינער נישט גע־זונגען, מען האָט נישט גערעדט הויך אויפן קול, די נאַקעטע ווענט פון אויסגעטריקנטן צריף האָט באַצירט דאָס בילד פון אומגעקומענעם חבר, אין אַ הילצערנער ראַם, איינגעהילט אין אַ קרענצל שמעקעדיקע מירטן־צווייגן.

שלמהס פעך־שוואַרצע קודלעס זיינען דורכגעוועפּט געוואָרן מיט זילבערנע פעדים, זיינע אויגן זיינען טיף אַריין אין קאָפּ, באַקומען אַ פאַרדעכטיקן גלאַנץ. ער איז איצט אינגאַנצן געווען אַליין, אַליין געגאַנ־גען צו דער אַרבעט אָן אַ זייט פון דער חברה, אַליין געזעסן אויפן צעבראָ־

כענעם פּאַרקאַן פון געלן שטיין, אַליין געקוקט אין פאַרנעפּלטן ווייט, ווו דער בלויער ים גיסט זיך צונויף מיטן הימל.

אַלע פאַרנאַכט איז ער איצט פאַרנומען מיט אַ הייליקער מלאכה: ברוך האָט אים געהאָלפן אויסהאַקן אַ גרויסע שטיין־פּלאַטע. די שטיין־פּלאַטע האָבן ביידע געבראַכט אין שלמהס ביידל. שוין דריי חדשים ווי שלמה קריצט די מצבה.

און אַז איר וועט אַמאָל שפּאַצירן אין די באַוואַקסענע שטעגעלעך פון חיפהער אַלטן בית עולם, צווישן ים און גרינעם כרמל, וועט איר דאָרט געפינען אַ ברייט טאָפּלט קבר, האַלב־איינגעפאַלן, מיט אַ צודעק פון צע־בראָכענע באַלאַטן: צווישן די שפּאַרעס וואַקסן ווילדע גראָזן, און פרי־לינג־צייט — בלוט־רויטע מאָן בלומען.

צוקאָפּנס שטייט אויפן האַלב־פאַרשאָטענעם שטיין אויסגעקריצט:

דאָ רוען צוויי חברים: — — —

מיטגלידער פון דער קבוצה „אחוה" אויפן כרמל.

צוויי מאָל אַ יאָר וועט איר דאָ געפינען צעשאָטן בלוט־רויטע רויזן אויף צעבראָכענע באַלאַטן און דער אַלטער אַראַבישער שומר וועט אייך דערציילן, אַז איינער פון די וואָס ליגן דאָ איז דערהרגעט געוואָרן, נישט צו וויסן פון וועמען, ווען ער האָט אַהער געטראָגן די מצבה פאַר זיין חבר, און אַז די בלומען ברענגט דאָ צוטראָגן אַ יונגע פרוי, ער קען איר, די פרוי, זי וווינט דאָ נישט ווייט אין דער צווייטער גאַס.

„אַ צעדרייטע, ווייזט אויס", דערציילט ער, דער קברן. אַ מענטש קומט דאָ יעדן ניסן און אָב, אַזוי יאָר איין, יאָר אויס, צעוואַרפט זי די בלומען, שטייט פאַרגליווערט, פאַרלירט אַ טרער, אָדער נעמט אַרום דעם שטיין, גלעט אים מי אירע באַקן, זיצט ביז אָוונט און גייט אוועק.

דער איינציקער מענטש, וואָס געדענקט נאָך יענע ערשטע, פאַרגע־סענע חברים.

העניע הייסט זי.

# וואָרצלען

אַ קאַלט־פּייכטער מערב־ווינט האָט געבלאָזן פון ים, שטיקלעך וואָלקנס האָבן זיך געריייצט מיט אַ שוואַכער ווינטער־זון; ווי נאָר די זון פּרובירט זיך צעשמייכלען איבער דעם גרינעם חפר־טאָל, קומען די וואָלקנס־שטיקלעך צולויפן און פאַרשטעלן איר ס׳פּנים, ווי צו להכעיס. גרינע פעלדער שטייען שווער באַלאָדענע מיט רעגן ברכה, לעכצן נאָך זון, ווי ס׳לעכצן די טויזנט בחורים און מיידלעך, וואָס זיינען צעשפּרייט אַ פּאָר צענדליק קילאָמעטער איבער דעם נייעם וועג־בוי: אַ לאַנגער שאָסיי־באַנד פון חדרה ביז תל־אביב.

טויזנט בחורים מיט מיידלעך טוען אַ בראשית־אַרבעט, גראָבן אַראָפּ בערגלעך און פּילן־אָן טאָלן, צעהאַקן שטיינער אויף סאַלינג און שאָטער. צענדליקער טראַקטאָרן זיינען אין גאַנג. זילבערנע אַקער־מעסערס רייסן בתולה־באָדן; זאַט געהייצטע פּרעס־ראָלער סאָפּען און קרעכצן; קנויקן רויך צעלייגן זיך נידעריק ביי דער ערד און ווערן געטריבן פון פּייכטן ווינט ווייט איבער קיבוצים און ישובים. דער שווערער ריח פון געברענטן שטיין־קויל פון די מאַשינען מישט זיך אויס מיט די פרישע ריחות פון פעלד.

טורעמען זיך פון ווייטן הויכע עלעקטרישע זיילן, קונציק געבויגענע פון אייזן, געשפּאַנט מיט דיקן קופּער־קאַבעל. שילדלעך פון קיינעם נישט געלייענטע אין ענגליש, העברעיש און אַראַביש וואָרענען: „פאַרזיכט: הויך־שפּאַנונג"!

אויף אַ באַרג שטיינער, רייטנדיק, אין דרייען געבויגן זיצט דער שאָסיי־אַרבעטער מוישל און שפּאַלט שאָטער. ער איז צונויפגעגאָסן מיטן בערגל שטיינער, ס׳העמערל לויפט מעכאַניש אַרויף און אַראָפּ. מוישל מוז פּאַרטיק מאַכן זיין קוב־מעטער, אַז נישט וועלן די מיידלעך אָפּלאַכן פון אים, והשנית מוז ער אָנשפּאַלטן דעם קוב־מעטער שאָטער צוליבן „בודזשעט": ער איז שטענדיק קורץ מיטן פאַרדינסט: מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס מען קען שוין האָבן פונעם פּערטל פונט טאָג הכנסה, און אויב דאָס העמערל וועט עס נישט אַרויסברענגען, איז שמאָל.

אַוועק איז מוישל מיטן עולם זיינס גלייכן אַהער אויפן וועג־בוי אין די סאַמע אומרואיקע טעג, פון דער איינגעפונדאַמענטעוועטער זיכערער תל־אביב. געקומען זיינען זיי אין אָט דעם טאָל פון דער ווייטער זיכערער

תל־אביב. ארבעט איז געווען בצמצום. די בוי־ארבעט האָט זיך שטאַרק פאַרשמעלערט, מחמת מאַנגל אין שטיין און צעמענט. צעמענט האָט מען געפירט פון חיפה, און די באַן־וועגן זיינען געווען נישט זיכער. יעדע פאָר־טאָג האָבן אַראַבישע טעראָריסטן פאַרניכטעט שטיקער רעלסן, אַרויסגע־נומען שרויפן. ביי די זייטן פון באַן־וועג צווישן שמעקעדיקע יונגע פּרדסים אין די געגנטן פון לוד און קל־קוליה זיינען געלעגן לאָקאָמאָטיוו־ריזן מיט צעקנייטשטע בייכער, די רעדער אַרויף, קאַלט אויסגעלאָשן, הילפלאָז, ווי ריזיקע מיסט־זשוקעס, וואָס ליגן מיט די פיסלעך אַרויף און קענען זיך נישט צוריקדרייען בעת מוראשקעס עסן זייער לעבעדיקן גוף.

די שטיינברעכערייען פון „מגדל צדק" זיינען דעמאָלירט געוואָרן, די מאַשינען פאַרניכטעט און צעשטערט. דער ריזיקער קאַלך־אויוון — אַ גי־גאַנט פון אייזן־בעטאָן איז געלעגן איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ, און אין זיין איינגעווייד זיינען געלעגן צוויי קינפּעטאָרינס־שאַקאַליכעס, מאָ־גערע, אָרומגעפליקטע, מיט הונגעריקע חיה׳לעך, וואָס האָבן גענאָגט זייער אויסגעצופּטע פעל.

ווו זאָל מען נעמען שטיין און קאַלך פאַר תל־אביבער גיי־בוי? די וועגן קיין ירושלים זיינען באַלייגט מיט אָנפאַלער פוןביידע זייטן און די באַן־ליניע איז כסדר מינירט. האָט געדאַרפט אויפגיין אַ ישועה פון דעם נייעם זיכערן וועג, וואָס דאַרף זיך ציען פון תל־אביב דורך יידישע ישובים איבער חדרה קיין חיפה.

ס׳איז נישט סתם אַ שאָסיי ווי אַלע: אָט דער כביש איז איצט — פראָנט. טויזנט בחורים און מיידלעך זיינען דורכגעדרונגען מיט אָט דעם געפיל. האָט די אַרבעט געפיבערט. און שפּאַן נאָך שפּאַן האָט דער שאָסיי זיך אויסגעצויגן יעדן טאָג ווייטער און ווייטער.

מוישל האָט געשפּאָלטן דעם שאָטער. אַ ביטער געפיל האָט גע־פרעסט דאָס געמיט. „גוט, מיר זיינען דורכגעדרונגען מיט דער אַרבעט, אָבער די גראָבקייט פון מנהל עבודה, ווי פּאַסט זי זיך דאָ אַריין"? — זיין גרילצנדער אָנטרייבן דערמאָנט אָן ווונדיקע הענט און אויסגעווויי־טיקטע ביינער, אָן קנאַפּן עסן, און אָן — — — תל־אביב, ווו די קאַ־פעען זיינען איבערפולט, מענטשן עסן צו זאַט, שלאָפן אין ריינע געלע־גערס...

די ביטערניש לעשט זיך תמיד אויס בעת די פּרעס־ראָלערס פייפן „הפסקה". מוישל גייט פּאַזע דעם נייעם שטיק געפליאַסטערטן וועג, וואָס איז פאַרלייגט געוואָרן במשך פון לעצטן טאָג. די מידע פיס, ווי זיי וואָלטן געטאַנצט, זיי וואַגן נישט צו באַטרעטן דאָס נייע שטיק וועג, געפליאַסטערט און צעמענטירט מיט יוגנט און התלהבות. אַ גאווה פאַר־כאַפּט אים, און ער מערקט אַליין נישט, ווי אויך זיינע חברים גייען איינ־

טענסיוו אראָפּ פון מיטן שאָסיי און שפּאַנען ביי די זייטן אין בלאָטיקן פעלד. די פיס פאַרגינען נישט באַטרעטן דעם נייעם כביש: לאָז ער זיך נאָך אביסל שפּיגלען אַ זויבערער אין דער קאַלטער זון און גרויע ווינ־טערדיקע הימלען...

***

ס'פּאַסירט אמאָל: באַגינען, מען גייט צו דער אַרבעט, ס'איז פייכט, קאַלט און פון די ווייטע קוסטעס פאַלן פלוצים שאָסן. צעשראָקענע פויגל פליען פאַרביי מיט טומל: מען לויערט אויף די אַרבעטער פון שאָסיי. פאַלט מען צו דער ערד, די שמירה ענטפערט מיט פייער, ביז ס'ווערט העלער־טאָג, שפּאַנט מען ווייטער מיט פאַררויסענע קעפּ פאַראויס, ביז מען קומט אויף אַן אָרט און מען געפינט די גאַנצע נעכטיקע אַרבעט חרוב, דעם שאָטער צעשפּרייט דעם סאַלייג, צעוואָרפן, שטיקער ניי־וועג, וואָס איז נעכטן געלעגן ווי געפּרעסטער טישטוך, איז נישט צו דערקענען... דעמאָלט ווערן די מוסקולן געשפּאַנט, אַ פאַרדרוס ברענט, קיין וואָרט ווערט נישט פאַרלוירן. די מחנות פאַרגעסן אַן אָנטרייבער, אָן עסן און צייט, מען שטורעמט דאָס חרובע שטיק שאָסיי, ביז ס'ליגט ווידער ניי, צוריקגעבויט, מיט זויבערן שטיין־מעל באַשאָטן, אויסגעפּרעסט, ווי קיינ־מאָל נישט צעשטערט. און אָוונט־צייט, קוים וואָס די קרעפטן דערלויבן, שלעפּט מען זיך ווי נאַכט־שאָטנס צום לאַגער, מען פאַלט אויסגעמאַ־טערט אָבער באַפרידיקט צום געלעגער ביז צום נייעם גרויען פאַרטאָג, אַזוי טאָג־איין טאָג־אויס, וואָך־איין וואָך־אויס.

וואַקסט דער לאַנגער שאָסיי־באַנד פון דרום קיין צפון. ס'בלייבט נישט קיין צייט צום טראַכטן. פאַרגעסט מען תל־אביב. מער גישט די צייטונגען ברענגען אַלע פאַרנאַכט ידיעות שלעכטע, גרויזאַמער איינע פון דער צווייטער; מען לייענט זי איצט פונעם ערשטן ביזן לעצטן אות און דאַן באַהאַלט מען זי אין קעסטל מיט דער וועש, מיט די בריוו פון דער היים, מיט די נישט דערלעזענע ביכער און בראָשורן.

מוישלען ערגערט הלמאי ער מוז אַרבעטן דווקא ביים שאָטער און נישט דאָרטן, פאָראויס ביים אויפרייסן פעלזן, אָדער ביי די טראַקטאָרן. מוישל איז פון דער טבע אַ שוואַך באַשעפעניש, ווען עמעצער וואָלט דערציילט אין גראַיעווע, אַז מוישל ליפּע דעם שניידערס בן־יחיד, זיצט אין טאָל חפר און שפּאַלט שטיינער, וואָלט מען עס אָנגענומען פאַר אַ וויץ, — „אָט דער מוישל, דער דאַרינקער בחורל מיט די דינע מיידלשע הענט שפּאַלט שטיינער"...

אַמאָל, זיצט מוישל אויפן בערגל שטיינער און דאָס העמערל קלאַפּט אַרויף־אַראָפּ, אַרויף־אַראָפּ. מיטאַמאָל צעטרייסלט אַ מוראַדיקער דונער

די לופט. דער גאנצער שטח ארום ווערט איינגעהילט אין שטיקנדן רויך, ס'פאלן שאסן פון ארום. מען ווארפט די ארבעט, מען פארגעסט די סכנה און מען לויפט פאראויס צו א גרויזאמער זעאונג:

א שווערער לאסט־אויטאמאביל ליגט איבערגעדרייט, צעבראכן. אן א זייט פונעם וועג ליגן צוויי צעבלוטיקטע בחורים, גישט צו דערקענען ווער זיי זיינען. רוצחים האבן ביינאכט א שטיק וועג מינירט מיט דער כוונה צו דערמארדן ארבעטער, וואס פארן אין פול געפראפטע אויטאמא־בילן אין די וייטערע שטרעקעס. איז דאס מאל א אויטאמאביל, אנגע־לאדן מיט שטיינער, ארויף אויף א מינע. ביידע שאפערן זיינען שווער פארוואונדעט געווארן, דער אויטא חרוב, און אט באדן זיך ביידע אין זייער בלוט. מיידלעך כליפען, און די בחורים שטייען פארווירטע. מוישל לויפט דער ערשטער צו צו די שאפערן, רייסט אראפ פון זיך דאס העמד און ווישט מוטערלעך דאס בלוט פונעם ערשטן, וואס ליגט א פארחלשטער, מיט די הענט פארקלעמט אינעם לוימיקן באדן. ווען די „ערשטע הילף" איז אנגעלאפן, האט זיך דער האלב נאקעטער מוישל אוועקגעדרייט אן א זייט, אוועקגעזעצט אויף דער נאסער ערד, און שטאר געקוקט אין גרויען טאג אריין. ער איז אזוי לאנג געזעסן ביז א בחור האט אים ארויפגע־ווארפן אויף די אקסל א זעלנערישן ראק, וואס זיינוול דער סאלינג־לייי־גער האט אויסגעבארגט ביי א טראקטאריסט.

די פארוואונדעטע האט מען ארויפגעלייגט און אוועקגעטראגן אויף די טירן פונעם צעבראכענעם אויטא, וואס מען האט ארויסגעריסן מיט די זאוויאסעס. דער עולם איז צוריק אוועק צו דער ארבעט, ווי פון א לויה. שעהן בייטן ווידער איינע די צווייטע, טראקטארן רוישן, סקרייפערס גלייכן אויס די שווערע גליבעס באדן, פרעס־ראלער קרעכצן, הונדערטער קיר־קעס האקן און רייסן דעם באדן, הונדערטער האמערס שפאלטן שטיין, און א גרויסע מחנה מענטשן־מוראשקעס ליגט צעצויגן אויף קיקאמע־טער וויט. די זון אליין שעמט זיך און זוכט א וואלקן, ווו ס'פנים צו באַ־האלטן פאר בושה, דווקא איצט איז דער הימל בלא, און פון וויטן זינגט דער ים זיין אייביקן געזאנג.

***

ס'טרעפן טעג, ווען מען גייט צו דער ארבעט געצווונגען, ס'פעלט אוים שטיין. שטיין ברענגט מען פון וויט, אזש פון גלבוע און פון כרמל. די גלבוע בערג און דער כרמל ליגן אויך אין פייער־רינג און ווערן אפט באשאסן, פונדעסטוועגן גייט אן די ארבעט טאג ווי נאכט. די קאמפרע־סארן הילכן, די בערג ווערן ביזן הארצן געבוירעט און מיט דינאמיט אויפגעריסן.

טאָג ווי נאַכט דונערן אויפרייסן, בחורים ווי מילנער, ווייס פון שטיין־שטויב, דורכגעווייקטע אין שווייס ווימלען אַרום גרויסע מאַשי־נען, וואָס האַקן, שפּאַלטן און מאָלן דעם שטיין. דאָ אין די שטיינברע־כערייען טליען פונקען פון מענטשלעכער אחדות צווישן יידישע און אַראַ־בישע אַרבעטער, וואָס אַרבעטן צוזאַמען נישט געקוקט אויפן צעצונדענעם אַרום. די מאַשין איז גיריק און ווייסט נישט פון ראַסן־שנאה, די מאַשי־נען דרייען זיך מיט שטורעם און געפּילדער און שרייען: הב — הב — הב — דערלאַנג דעם שטיין — נישט צו פאַרלירן אַ רגע. ווו זאָל עס קלעקן צייט צום ליבן אָדער האַסן? די מאַשין דרייט זיך און פאָדערט אירם: — שטיין. די אויטאָמאָבילן וואַרטן אין דער רייע, די קאָמפּרע־סאָרן בויערן אין די געדערים פון באַרג, קנויטן ווערן געצונדן, דונערן הילכן אין די טאָלן, דער מענטש אַליין איז דאָ אַ טייל פון דער מאַשין, און דאָרטן, אין גאַנצן לאַנד וואַרטן צענדליקער טויזנטער הענט אויף די וועגן, אויף די בנינים, אין די פעלדער און פאַבריקן, מחמת שטיין איז איצט מיט גאָלד צוגלייך אין די אומרואיקע חדשים.

לויערן אויגן אויך דאָ אין די פאַרשטעקן אַרום, אויגן פול מיט שנאה און פאַרניכטונג; זיי לויערן צווישן פעלזן און קוסטעס, וואַרטן אויף פאַר־שאָלטענע סוף חודשדיקע נעכט, ווען מען קען צופויזן, אין חושך פאַר־באָרגן, נאָענט, גאָר נאָענט ביז צו די ראַנדן פון באַרג און שיסן צו די קליינע פינקלדיקע פונקטן. אין די שטיינברעכערייען הערט מען נישט שיסן, מחמת דעם רעש פון די מאַשינען. פון דער סכנה ווערט מען ערשט געוואויר, ווען ס'באַווייזט זיך בלוט. אַ רויטער פלעק אויף ווייסן שטיין מאַסיוו, בלוט געמישט פון יידישע און אַראַבישע אַרבעטער. דעמאָלט ווערט דאָס ליכט אויסגעלאָשן, די מאַשינען אָפּגעשטעלט, אַלץ טוליעט זיך מיטן פּנים צו דער ערד. אָבער באַלד קומט מען צו זיך. בחורים פאַר־וואַרפן די ביקסן אויף די פּלייצעס, קריכן אויף די בייכער אַרויס אין פעלד און פאַרטרייבן די געשפּענסטער. דערווייל גייט אַ נאַכט פאַרלוירן, און ס'איז נישטאָ קיין מאַטעריאַל נישט פאַר די הונגעריקע מאַשינען, נישט פאַר דער לאַנגער ריי אויטאָמאָבילן, וואָס האָבן אַהער געאיילט אי־בער די וועגן פון ארץ־ישראל.

נאָך אַזאַ נאַכט רוט דער אַרבעטס־עולם אויפן ניי־געבוי פון וועג. ס'אַרבעטן נאָר די טראַקטאָרן, די פּרעס־ראָלער און סקרייפּער. די אַר־בעטער ליגן, מען לאַטעט אַ בגד, מען לייענט אַ בוך אָדער אַ צייטונג, אָדער מען שלאָפט מיט גרויס הנאה, ווי אַמאָל יום־טוב אין דער היים.

***

אין איינעם אַזאַ טאָג איז מוישל געלעגן מיט דער צייטונג אין האַנט. די צייטונג איז פול מיט שווידערלעכע ידיעות. מוישל נישטערט אין דער

כראָניק, ווי ס'זיינען פאַרצייכנט כלערליי אסיפות און זיצונגען. ער זוכט ידיעות פון זיין גרופּע, וואָס קלייבט זיך יאָרן לאַנג אויפן באָדן אַרויף, און יעדער מיטגליד נישט ער דערעסט, נישט ער דערטרינקט, וואָרום יעדער פּרוטה ווערט געזאַמלט אין דער קאָלעקטיווער קאַסע. מען מאַכט הכנות צו יענעם טאָג, ווען מען וועט אַרויף אויפן באָדן, אויף אַ נייעם שליאַך צו אַ נייעם לעבן, צו וועלכן מוישל רייסט זיך פון זיין פּריסטער יוגנט. דאָס מאָל האָט מוישלען אָפּגעגליקט, ער האָט געפונען אַ ידיעה וועגן אַן אַסיפה פון זיין גרופּע, וואָס טרעפט זיך צונויף אין קורצן אין ווייטן עין חרוד. מיט ציטערדיקע הענט האָט ער צונויפגעלייגט די צייטונג, באַהאַלטן זי אונטערן האַרטן צוקאָפּנס. ער האָט זיך געפרייט און געווייטיקט, געפרייט מיטן מאָרגן, ווען ער וועט צונויפבינדן דעם פּעקל און אַוועק קיין עין חרוד און געווייטיקט איבער זיין שוואַכקייט און איבער אַ נישט פאַרהיילטער וווּנד, וואָס האָט זיך געלאָזט פילן ביי יעדער פרייד, אַ וווּנד ערגעץ טיף פאַרבאָרגן זייט יאָרן.

משה איז אַלט געווען 28 יאָר און די וווּנד, זיין הייליקסטער סוד נאָגט שוין וואָסערע 8 יאָר. ס'הייסט זיין נישט געראָטענע ליבע צו רבקהן, וועלכע ער האָט באַגעגנט אויף דער שיף. פון דעמאָלט קען ער אָן איר מער נישט פאַרגעסן. אפשר, ווען ער וואָלט דעמאָלט זיך נישט געלאָזט באַהערשן פון אייגענער מינדערווערטיקייט, אפשר וואָלט אים אויך דערזען רבקה, אפשר?... ס'איז אָבער אַזוי נישט געווען. 8 יאָר זיינען פאַרביי און רבקה האָט שוין לאַנג חתונה געהאַט מיט זיינעם אַ לאַנדסמאַן לייזער, אויך אַ חבר פון זיין גרופּע. לייזער איז אַ פאַבריקס־אַרבעטער, אַ שטאַרקער און דרייסטער, און מוישל איז שוואַך; איז ער אָפּגעקומען מיט עטלעכע בריוו צו איר, בריוו פון לויטער האַרץ, ווי ער האָט אפילו נישט געוואַגט אונטערשרייבן זיין נאָמען.

למען האמת האָט רבקה די בריוו געלייענט וואָסערע צוואַנציק מאָל, און געטראַכט האָט זי, אַז געשריבן האָט זיי גאָר מי יודע ווער. אָבער נאָר אָן מוישלען האָט זי נישט געטראַכט. מיט מוישלען האָט זי זיך געקענט, זי האָט מיט אים זיך פון צייט צו צייט געטראָפן, גערעדט וועגן דער אַלטער היים און וועגן דעם לעבן דאָ און דאָס גאָר.

משהס בריוו זיינען איר פאַרלוירן געגאַנגען, ווי אַנדערע מיידלשע קמעות. בעת זי פלעגט באַגעגענען מוישלען פלעגט זי אים גאָר מוסרן, הלמאי ער קומט קיינמאָל נישט צו „זיי". לייזער וויל אים אויך זען, אגב וועט ער אויך זען, וואָס פאַר אַ געראָטן קינד זיי האָבן... פלעגט מוישלען האַמערן ס'האַרץ, ער פלעגט אָפּקומען מיט תירוצים, אָדער מיט אַ פאַרווירט שווייגן...

אויפן כביש האָבן פאַר אים די מיידלעך יאָ אָפּשיי, כאָטש אין האַרצן זיינען זיי אים מבטל צוליב זיין אומעטיקן שווייגן. זיי האָבן פאַר

אים אָפּשיי, ווי פאר אן אַלטן ארבעטער, א „ותיק“, א באַזונדערן רושם האָט געלאָזן זיין ערשטע הילף די פאַרוואונדעטע שאָפערן. ווי קומט עס צו אים? — איינע, כאַסקע, האָט זי געהייסן, האָט א פאר מאָל געפּרוווט מיט אים פאַרפירן א שמועס, געבראַכט צו פאַרריכטן א הענטל פון האמער און געפרעגט ווו ער וווינט. כאַסקע האָט געפונען ביי מוישלען טיפע אומעטיקע אויגן, האָט ווידער מוישל כאַסקען נישט באַמערקט און אזוי איז זי פאַרשוווּנדן פון כביש צוזאַמען מיט איר קבוצה...

*
**

דער גרויסער טאָג איז געקומען. א טאָג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט וואָכן פריער באַלד נאָך דער באַגעגעניש פון דער גרופּע. ס'האָבן זיך געטראָפן אין עין חרוד אַלע חברים, וואָס האָבן זיך געגרייט אַרויפצו־גיין אויפן באָדן. א וואָך צייט האָט מען שטיל געאַרבעט מיט גרויס התמדה טאָג און נאַכט. דאָ האָט זיך מוישל ווידער געפילט גוט. ער האָט אין א ווינקל פון הויף צונויפגעקלאַפּט ווענט פאר באַראַקן, געלאָדן ווע־גענער און אויטאָמאָבילן, געזעסן נעכט איבער פּלענער און חשבונות, צו־זאַמען מיט אַנדערע פאַרגרייט האָלץ, פּראָדוקטן, בהמות, מעדיקאַמענטן, שטעכעדיקן דראָט, אַקער־אייזנס און כלעריליי אַנדערע כלים, מען האָט ווייניק געערדט און א סך געאַרבעט ביז אַלץ איז געווען פאַרטיק און צוגעגרייט.

א שטילער יום־טוב האָט געהערשט אין דער רחבותדיקער עס־שטוב פון עין־חרוד. די חברים פון דער גרופּע זיינען געזעסן אַרום די טישן, געערדט צווישן זיך שטיל און וואָגיק, גאַרנישט ווי תמיד ביז ס'איז געקו־מען דער אָוונט, ווען מ'האָט זיך געזעגנט און אָנגעזאָגט, אז מאָרגן א שפּראָץ אויפן טאָג „גייט מען אַרויס“.

מוישל האָט די נאַכט נישט געשלאָפן. א גאַנצע נאַכט האָט גערעגנט, זאָל עס האָבן געווען דער מלקוש? די הויכע גלבוע מאַסיוון האָט מען קוים אַרויסגעזען. שעהן האָבן זיך געצויגן ווי יאָרן. מוישל האָט זיך גע־קייקלט אין אָנטועכץ פון איין זייט אויף דער צווייטער, אפילו די „וואָנד“ האָט אים די נאַכט צורו געלאָזן. געגנוג געווען נע ונד, פון בנין צו בנין, פון דאָרף צו דאָרף. איצט גייט מען צו באַזעסנקייט. ער גייט אויפן באָדן, אויף נישט געאַקערט ערד. פאר זיך, פאר זיין קבוצה. ער איז ווידער אַליין און פונדעסטוועגן מער נישט עלנט ווי פריער, ער איז א טייל פון א גרוי־סער משפּחה, וואָס גייט פאַרלייגן א ניי לעבן אין מדבר, גראָד איצט, ווען דער גאַנצער אַרום איז איינגעראַמט אין א פייער־רינג פון פאַרניכטונג.

מוישל האט זיך געפילט קרעפטיק, ער האט געפילט א שטילע אינערלע־כע פרייד, א פרייד וואס האט געמונטערט, דערהויבן, באפליגלט.

מוישל האט גארנישט געקלערט פון געפערלעכן ארום. פון אלע ענויים און צרות וואס שטייען פאר אים מיט זיין קבוצה. דער רעגן האט געקלאפט אין בלעכערנעם דאך פון צריף, דער ווינט האט צוגעברומט און געוואשט די נאסע שויבן, ביז מוישל האט פארטאגס איינגעדרעמלט און ס'האט זיך אים געחלומט, אז ער וואקסט, ער שטייגט הויך, גאר הויך. די הענט ווערן אייזן פעסט ווי ביי זאוול דעם סאלינג־לייגער. אט זעט ער זיך גיין אין א שורה מענער הויך געוויקסיקע ווי ריזן, זיי גייען און גייען, נישטא פאר זיי קיין אויסגעטראטענע וועגן, זיי שפאנען איבער בערג און טאלן, איבער פעלדער און זומפן, ביז זיי בלייבן שטיין: „אט דא איז דאס ארט"...

***

דער רעגן האט געגאסן אן אויפהער אין טאל פון יזרעאל. פראזשעק־טארן האבן געריסן דעם חושך און גענישטערט פון טורעמס אראפ צוווישן די בערג און פעלדער. אין די וואך־שטובן פון בית אלפא, תל־יוסף און עין־חרוד האט געברענט פייער. און נישט ביי איינעם האט זיך געפלאנ־טערט א מחשבה: ווי וועט מען דורכגיין אזא וועג אין רעגן, אפשר אפ־לייגן אויף א פאר טעג?...

אבער פונקט 4 פארטאג האט געקלונגען דער גלאק. אלע זיינען גע־ווען אויף די פיס. א גרויסער טראקטאר האט געברומט און געשאסן מיט גאז. עטלעכע קליינע טראקטארן האבן זיך געדרייט און אויסגעפרווט זייער כח. מענטשן האבן בחפזון געזופט הייסן טיי. מוישל איז אויפ־געשפרונגען פון שלאף, גיך געקומען צו זיך און פארנומען זיין פל אויף א הויך געלאדענעם וואגן. דער רעגן הערט א ווײלע אויף, דער הימל ווערט בלאסלעך און יידישע בחורים מיט מיידלעך מישן זיך צונויף אין א קאראוואן וועגענער, לאסט־אויטאס און טראקטארן. ארום א שמירה מיט ביקסן און מען לאזט זיך אין באגינען אוועק אין טאל פון בית־שאן, אויף א נייער קרקע.

מוישל איז געזעסן אויפן וואגן דורכגענעצט ביזן ביין. די לייצעס ארומגעדרייט ארום די הענט, און ביז הייזעריקייט געשריגן אויף די פרי־דות, וואס האבן מיט די לעצטע כחות געצויגן אין בלאטע די שווערע משא. דער עולם האט געשוויגן, מיט הונדערטער אויגן געקוקט ארום אין דער סביבה, ווארום אונטער יעדער בוימל, אונטער יעדער שטיין האט גע־לויערט געפאר. אלץ איז אבער געלעגן איינגעהילט אין א געדיכטער

נעפלדיקער גרויקייט, נישט צו זען ווייטער, ווי עטלעכע מעטער פאר דער נאז. אט איז דער קאראוואן שטיין געבליבן, ערגעץ אין דער שפיץ האט א וואגן געזונקען אין דער בלאטע און א טראקטאר האט זיך געפארעט ארום אים. דער טראקטאר שפרינגט און שלעפט און דער וואגן — נישט צו רירן פון ארט. זיינען מענטשן געקומען צו הילף, און דעם וואגן ממש אויף די הענט ארויסגענומען פון זומפ און אלץ האט זיך ווייטער גערירט. יעדע ווײלע אן אנדערע מניעה, אבער דער קאראוואן רוקט זיך פאראויס און יעדע שעה ברענגט אים נענטער צום ציל.

***

מיר זיינען דא! האט אפגעהילכט א קול פון ווייטן, א ציטער איז דורך דורכן עולם. דער חלום פון יארן איז ווּאר. ווארעמע שטראמען האבן געשלאגן איבער גופים, אויגן האבן געגליט און הענט האבן זיך געריסן צו מעשים.

מוישל האט אפגעלאזן די לייצעס און איז אראפגעשפרונגען פון וואגן. בחורים מיט וויס־רויטע שטעקנס האבן געסימענט א גרינעם פלאץ און אויסגעמאסטן דעם ארט פונעם „פונקט". אן אלטער תושב פון עין חרוד האט מיט ציטערדיקע הענט אויפגעהויבן א שווערן האמער און דעם ערשטן קלאפ געטאן איבער א פארשפריצטן אייזן, און ס'איז אוועק א גאנג. מענטשן האבן זיך געווארפן צו כלערליי ארבעטן פון קיינעם נישט געבעטן. מען האט זיך גענומען אפלאדן וועגענער און אויפגעהערט אינמיטן. מען האט זיך געלאזן ציען שטעכעדיקן דראט צום פארקאן, גע־ווארפן אינמיטן די ארבעט, כדי צו העלפן אפלאדן וועגנט, פארטיקע ווענט פאר א באראק. אינמיטן פונעם פונקט איז געלעגן דער טורעם, צו זיין שפיץ צוגעפעסטיקט שטריק און קייטן, וואס זיינען געווען צוגעבונדן צו דער ברוסט פון גרויסן טראקטאר. דער טראקטאר צאפלט און שלעפט און מענטשן העלפן אונטער.

דער טורעם רירט זיך. דער טורעם הויבט זיך לאנגזאם, לאנגזאם אין דער הויך. מוישל שטייט ארומגעבונדן א שטריק ארום דער ברוסט און ציט מיט. די שומרים, אריבערגעווארפן די ביקסן איבער די פלייצעס, פארדרייען אויך די נאסע שטריק איבער די אויסגעפראצעוועטע דלאניעס; נאך א שלעפ, נאך איינמאל — און דער טורעם שטייט פעסט אויף די פיס. דער עולם גאפט א רגע און לויפט זיך פונאנדער צו זיינע ארבעטן. די שמירה צעשפרייט זיך איבער פעלד און ביסלעכווייז געפינט יעדער זיין פלאץ. די מיידלעך לויפן ארום מיט פאררעגנטע שטיקער ברויט, פארטיילן דאס אנבייסן, וואס מ'עסט אויף אינמיטן דער ארבעט,

כדי נישט צו פארלירן א רגע. ארום זשומעט דער עולם, ווי בינען אין א בינשטאק; נאכן טורעם ווערט אויפגעשטעלט די שויץ־וואנט און דאן די ערשטע באראקן.

ס'איז אנגעפארן דער ערשטער אויטא שאטער, וואס מ'האט גע־בראכט, בכדי אנצופילן די שויץ־ווענט ארום דעם פונקט. דער רעגן האט ווידער א ווײלע מפסיק געווען, א שטורעם־ווינט האט זיך צעזונגען, פרו־בירט פונאנדערריסן די בלייענע וואלקן, גרויסע פייגל זיינען פארבייגע־פלויגן. א פיצל זון האט זיך באוויזן מיט א שמייכל פון התפעלות און פאלט האט זיך אנטפלעקט א ריזיקע רחבות מיט א ווילדער שיינקייט איינגעראמט אין די ארומיקע בערג, א רחבות נישט צו פארנעמען מיטן אויגן, א נאקעטע, א פרעכטיקע, וואס האט דא אזוי אפגעווארט טויזנטער יארן אויף היינטיקן באגינען.

ווען די ווענט פון ערשטן באראק זיינען שוין אויפגעשטעלט געווען און אויפן טורעם איז שוין געשטאנען א מענטש אויף שמירה, האט מען אראפגענומען אקער אייזנס פון די וועגענער און אוועק אין פעלד צווא־מען מיט א טראקטאר אין די אויסגערוטע פרדות. דא האט מויש׳ל געפו־נען זיין תיקון. אויף זיינע מאגערע פלייצעס איז געהאנגען א ביקס, און מיט זיינע הענט האט ער געקערעוועט א פאר איינגעשפאנטע פרדות, וואס האבן מיטן אקער געריסן די ערד. ס'איז אים גוט געווען, פאררוסן האט ער געשפאנט פאראויס אין דער אפענער רחבות, שיכור פון שמע־קענדיקן ערד־ריח.

די זון איז ווידער פארשוואונדן. דער הימל האט אנגעקוואלן מיט נייע וואלקנס, וואס האבן זיך צעגאסן אין א מבול. בחורים מיט מיידלעך האבן מסדר געווען בלעכליי דראטן מיט דרעטלעך, וואס מען האט באהעפט מיטן וואך־טורעם. אויבן האט זיך ווער געפארעט ארום ארום א פרא־זשעקטאר, געדולדיק געדרייט און געשרויפט, אבער דער פראזשעקטאר האט זיך נישט צעצונדן. פארזארגטע און אומעטיקע האבן שומרים אויף די וואך־טורעמס אין עין־חרוד, תל־יוסף, בית אלפא געווארט אויפן אויפ־גיין פונעם נייעם ליכט פון ווייטן...

דער רעגן האט ווייטער געגאסן. מיט בלעכן האט מען באוויזן צו־דעקן דעם באראק, אבער אינעווייניק האט דאס וואסער דורכגעדרונגען דורך אלע שפאלטן. אינעווייניק האבן שאטנס זיך געטוליעט איינער צום צווייטן ארום א פרימוס, וואס האט גערוישט אין ווינקל און גלייכצייטיק געלויכטן און געווארעמט.

אין פעלד האט אלץ נאך געשטורעמט דער גרויסער טראקטאר און געריסן טיפע תלמים, זיינע פייערן האבן געניטשעט אין חושך, שומרים זיינען געלעגן אין די נאסע גראבנס, איינגעגראבן די אויגן אין ארומיקן חשכות.

מוישל איז געלעגן אין א ווינקל פון באראק אויף א נאסן זאק און געשלאפן. נאך א האלבע נאכט זיינען זיך צונויפגעקומען פון פעלד די טראקטארן, זיך אויסגעשטעלט אין א שורה און צוזאמען מיטן לאסט־אויטאמאביל האבן זיי צעצונדן אלע לאמפן אין איין גרויסן ליכט, וואס האט במקום דעם פראזשעקטאר אנגעזאגט דער גאנצער סביבה ארום וועגן דער ערשטער נאכט פון א יידישן ישוב אין טאל פון בית שאן. ערשט פארטאג איז געלונגען דעם שומר אויפן טורעם מסדר זיין א סיגנאל־לאמפ און אנזאגן דעם גאנצן ארום: — שלום! — פרידן איז צו אונדז, פרידן צו אייך אלעמען!...

***

אין די שטעט פון ארץ־ישראל האבן די צייטונגען באשריבן א נייעם קאפיטל גבורה אין טאל פון בית־שאן, ווי אזוי מען איז ארויף אויפן באדן, און ווי אזוי מען האט אויפגעוועקט די הארטע, פארשטיינערטע, פרוכטלאזע ערד צו א נייעם פרוכטבארן לעבן.

מוישל האט זיך אויפגעכאפט פון שלאף און בעת מעשה נישט תופס געווען, וווּ ער געפינט זיך. ער זעט ווי ארום פרימוס זיצן אלע צוגעטוליעט איינער צום צווייטן. דער פרימוס רוישט, דער רעגן פויקט אין די בלעכן און שטראמט אין באראק. ארום שמועסט מען שטיל, און יעדער דערציילט עפעס פון זיין עבר. מוישל זעט ווי עס בייט זיך די וואך, ווי מען גיט איבער די ביקסן. אט שטייט לייזער, פארשפיליעט דעם נאסן מאנטל ביזן האלדז, רוקט אראפ דאס היטל טיף איבערן שטערן און קלויבט זיך אין דרויסן. מוישל שפרינגט אויף, ס'האט אים ערגעץ א טיפער שטאך געטאן... רבקה! ער מוז איצט רעדן מיט לייזערן, זיך מתודה זיין פאר אים, אבער די פיס האבן נישט געדינט, די ביינער האבן געבראכן און מוישל איז צוריק געפאל אויפן נאסן זאק פון קיינעם נישט באמערקט.

דער רעגן האט אלץ געגאסן, דער ווינט האט געפייפט. דער צווייטער טאג פונעם נייעם ישוב האט אנגעהויבן אויפצוגיין...

# „דער טיש איז גרייט...״

אין פּרדס איז שטענדיק טונקל־פאַרנאַכטיק. דער דופּט פונעם גרינס פון די גישט־צייטיקע מאַראַנצן און לימענעס הענגט אין דער לופטן אויס־געמישט מיט אַ פייכטקייט, וואָס שלאָגט פון דער זאַטער ערד. ס׳איז שטיל אין פּרדס, מען הערט דייטלעך דאָס דין געזאַנג פון די מיקן, וואָס הוידען זיך אין לופטן אַראָפּ און אַרויף צו די פּיצעלעך הימל, וואָס רייסן דורך די באַבלעטערטע געדיכטעניש.

אַקאַציעס גריוועדיק פאַרשווירענע באַהאַלטן אין זיך אַ וואַנט שטעכעדיקן דראָט. די אַקאַציעס האָבן שוין לאַנג איבערגעבליט און פאַרלוירן זייער דופטיקייט, נאָר זייערע בערעלעך שיטן און פולווערן זיך, פוכיקע, זאַמדיקע מיטן קאָליר פון נאָר וואָס אויסגעפּיקטע הינדלעך.

אין רואיקע צייטן וואָלט איצט שפּאַצירט אין פּרדס דער יוסטער בעל־דבר, דער פּלאַנטאַטאָר בכבודו. ער וואָלט געטשאַפּעט אין דער פייכטער זאַטער ערד, און אינעם געדאַנק געוואָרפן ציפערן פון וואַליוטע מיט קעסטלעך. ער וואָלט נישט געפילט ס׳מחיהדיקע שמעקן, נישט דאָס זאַפּטיקע גרינס, נישט די האַלב צייטיקע פּרוכט אפילו; ער וואָלט געטשאַפּעט, געשוויצט, געברומט, ביז ער וואָלט זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ בוים, אָדער אַ צווייג וואָלט אים אַראָפּגעריסן דעם הוט פון קאָפּ, צי סתם אין דער וועלט אַ שמיר געטאָן דעם באַלעבאָס איבערן פּנים.

באַגערט ער דען די פּראַכט פון זיין פּרדס? דער פּלאַנטאַטאָר וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון ציפער־דרויש, זיך אומגעדרייט און אויסגעהערט די טענות פון משגיח, וואָס גייט אים נאָך טריט ביי טריט גרייט צום ענטפערן אויף יעדער פראַגע.

זיינען אָבער די צייטן אומרואיקע, גיין אין פּרדס איז בחזקת סכנה, מאַלע וווּ ס׳אומגליק קען לויערן אין וועג! זיצט ער איצט, דער פּלאַנטאַטאָר בעסער אין דער געמיטלעכער היים, אויף דער רחבותדיקער טעראַסע, אַ תימנער משרתטע באַדינט מיטן קאַלטן טרונק. ער זיצט און לייענט דעם „הבוקר״ און בייזערט זיך אויפן „רויטן״ געשפּענסט״, וואָס באַהערשט און פאַרכאַפּט אַלץ מיט אַנאַנדער אין ישוב. די „רויטע״!

ווערט אים נמאס דאָס זיצן אין דער היים, דויערט אַ האַלבע שעה, און ער זיצט שוין אין פריילעכן קאַפע פון תל־אביב „אויפן שטראַנד״. מוזיק שפּילט, פּאָרלעך דרייען זיך אין גלוסטיקע טענץ. ער זיצט ביי

דער שוימיקער קאַלטער גלאָז ביר, און גלאַצט תאוההדיק אויף די ממזורשע פּיסלעך אין אָדער אָן זיידענע זאָקן פון לייב־קאַליר, די פּיסלעך מאַכן קונציקע „פּאַ", געדרייטע מאָדנע „פּאַ" (דעם „פּאַ" געדענקט ער זינט זיין בחורשאַפט פון לערנען וואָלס אין שטאָטישן טאַנץ־קלאַס).

זעלטן ווען דער פּלאַנטאַטאָר באַגליקט דעם פּרדס מיט אַ באַזוך. אין דער אמתן בענקט דאָרטן קיינער נישט נאָך אים. ער פּאַרלאָזט זיך אויפן משגיח, און דער משגיח — אויף די אַרבעטער און שומרים.

די אַרבעטער און שומרים פילן איצט מצד דעם פריער בייזן און שטרענגן משגיח אַ מאָדנע זיסלעכע ווייכקייט, ווי ער וואָלט מיטאַמאָל אויסגעאיידלט געוואָרן, ער פּרובירט ריידן אין דער דריטער פּערזאָן אָנ־שטאָט „דו", דעם „חמור", האָט ער אינגאַנצן פאַרלוירן פון זיין שפּראַך־לעקסיקאָן. ער טראָגט־אונטער אַ ציגאַרעט, „בבקשה", אַ „דאַנק", און דערקענט שוין צווישן די אַרבעטער אפילו אמאָליקע חברים, אמאָליקע קינדער־פריינט פון דער היים, פון שול, פון שיף...

אין אַ וויטן עק פון יענעם פּרדס האָבן אַרבעטער אויסגעבויט אַ „ווינקל", אַ מין געדרוקטן „דאַלעד" פון צוויי בעטאָן־ווענט מיט לעכער. אויבן אַרומגעלייגט מיט זעק זאַמד, פון אינעווייניק אויסגעבעט מיט שטרוי און אַ ביסל פּאַרטיפּטן באָדן. אינעם „ווינקל" זיצן היינט די שומרים, וואָס די רעגירונג האָט אויסגעפּוצט אין כאַקי־מונדירן, און אין די היצן זיי אָנגעטאָן אויף די קעפּ קאַזאַקישע פּאַפּאַכעס פון מיתה־משונה קאָליר, מיט אַ שליצל און אַלכסון און אַ ניקלנעם קנעפּל אין עק. וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָס איז אַ סגולה קעגן קוילן, איז עס אַ טעות. די קויל, אויב זי טרעפט, שלאָגט זי דורך יעדער מין היטל. ס'היטל שפּילט דאָ נישט די מינדעסטע ראָלע...

אין אָט דעם „ווינקל" איז געזעסן פּאַרטייעט ברוך, אַ שומר, וואָס האָט געהיט דאָ צופעליק און צייטווייליק מעשה טובה אַ גוטן ברודער, אַ צווייטן שומר. ברוך איז אפילו אַ היגער, פון דער נאָענטער קאָלאָניע, נאָר איצט איז ער אַ גאַסט, ווייל ביי דער אויסשפּרייטונג פון די אומרוען האָט ער געלאָזט ווייב און קינד אויף מענטשלעכן באַראָט און אַוועק אין וויטן גליל אויף שמירה. שוין מיט דער ערשטער מאָביליזאַציע.

דעם אמת גערעדט האָט ער געמעגט נישט אַזוי האַנדלען, ווייל ער איז נויטיק געווען דאָרט, וווּ ער האָט געוווינט, אין דער קאָלאָניע, אין סאַמען עק אין אַ באַראַקל מעשי ידיו. ס'באַראַקל איז געשטאַנען אין מיטן פון אַ קליין גרינס־גערטנדל אינגאַנצן באַוואַקסן מיט ווילדן וויין־בוים. ברוך איז דאָרטן געווען נויטיק נישט נאָר פאַר זיין אייגענער היים, ווייב און 7־חדשימדיק קינד. ער איז נויטיק געווען פאַר די 40—50 שכנישע משפּחות, וואָס האָבן געהייסן „אַרבעטער קוואַרטאַל" אין יענער קאָלאָניע. ביי זיי איז ברוך געווען דאָס „מויל" אָדער דער „מחוצף פון

די „שמענדריקעס" אין דער שפּראַך פון בייזן קאָלאָניסט. ער איז זיי נויטיק געווען אין די איצטיקע נעכט, בעת דער גאַנצער אַרום שפּייט מיט פייער, בעת ווייב, קינד און זקנים עלטערן מוזן שלאָפן נעכט אויף דער ערד, בעת יונגע בחורים מיט טאַטעס פון היימען, ליגן אין די פאַר־שטעקן גרייט צו ענטפערן מיט גליאיקן בליי. די יעניקע בעסטיעס פון מדבר, וואָס לויערן אַרום מיט באָמבעס און שטילעט, מיט קויל און מיט טויט.

ברוך איז דאָ געווען כמעט דער ערשטער און איינציקער, וואָס האָט גענומען די ביקס אויף דער פּלייצע, מחמת ער האָט געוווּסט ווי צו גע־ברויכן געווער. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט ביז ער האָט די תורה איי־בערגעגעבן אַלעמען פון „קוואַרטאַל"; אַפילו די מיידלעך און די עלטערע קינדער האָבן זיך אויסגעלערנט די תורה פון ביקס, מיט אַלע שרויפן און שרייפעלעך נישט ערגער פון די טאַטעס און שוועסטער.

ס'וואָלט זיין אַן עוולה צו זאָגן, אַז ברוך איז נישט געווען צוגעבונדן צו דער היים. אומגעקערט. ער איז געזעסן איינגעוואַקסן אין זיין נעסט, וואָס ער האָט מיט זיינע צען פינגער געבויט אין די פרייע שעהן נאָך דער אַרבעט. זיין ווייב, חדוה, איז אים געווען טייער, ווי די אייגענע נשמה, און דאָס קינד האָט אינגאַנצן פאַרבלינעט מיט גליק. אַלא וואָס, די שכנים האָבן געמורמלט צווישן זיך: „אַ שגעון האָט באַוועלטיקט דעם יונג, געמט ער און וואַרפט אַוועק היים, ווייב און קינד און גייט אַוועק אין גליל".

חדוה האָט ברוכן געקענט אַ שיינע פּאָר יאָר. דערפון דריי יאָר נאָך דער חתונה. מיטן שכל האָט זי אַנדערש געטראַכט, ווייל זי האָט ברוכן געקענט, אָבער מיטן געפיל איז זי מסכים געווען מיט די שכנים. זי האָט געזען יעדן פרימאָרגן, ווי ברוך שלינגט די צייטונג מיט די שוואַרצע ראַ־מען, טרינקט איר אויס, ווי אַ געטראַנק פון גליאיקן פייער, און פלאַמט־אויף. דעמאָלט פלעגט זי פילן קאַלטע אַנגסטן אויפן לייב. דער אינ־סטינקט האָט איר אונטערגעזאָגט, וואָס דאָ קען זיין, און ס'איז פאַר איר נישט געווען קיין איבעראַשונג, בעת ברוך האָט אין אַן אָוונט איר אַ זאָג געטאָן: „חדוה! כ'קען נישט מער, וועסט נישט נעמען פאַר אומגוט. פאַר־שטיי, אַז כ'מוז איצט זיין דאָרטן, ווו ס'האָבן מיינע חברים זייער לעבן מקריב געווען, כ'מוז גיין אין גליל, וואָס האָט זייער בלוט איינגעזאַפּט. פאַרשטיי מיך, חדוה!..."

חדוה האָט געוואָלט זיין רואיק, אָבער ס'איז איר נישט געראָטן, ס'האָט געקנוילט אין האַלדז, ס'זיינען די אויגן פול געוואָרן, ס'האָט גע־דריקט און געשפּאַרט און די טרערן האָבן פאַרלוירן זייער פאָרם... זי האָט געוויינט שטילערהייט, געוויינט אויפן קול און בעת מעשה געפּאַקט די עטלעכע פאָר וועש אין אַ רענצל...

דער גליל איז ברוכן געלעגן אין בלוט צייט זיין אָנקום אין לאַנד. דאָרט איז ער פאַרפאָרן גלייך פון דער שיף. אין די וואָכן, חדשים און נעכט, נעכט אָן אַ שיעור אויפן שייער פון אַ קאָלאָניע, האָט ברוך איינגעזאַפּט אין זיך די לופט, די פּראַכט פון בערג און טאָלן, דעם זילבער פון דער חולה און קאַלטן ווייס פון חרמון. די שטילקייט פון גליל איז אריין אין זיין בלוט און געזונגען. די סביבה האָט געכישופט, געוווּנקען, געמאָנט און געפאָדערט: — „נעמט מיך, יונגט, איר טייערע יונגט! באַאַרבעט, באַפרוכפּערט, באַלייגט מיך מיט אייער קראַפט און ווילן, באַצירט מיין גרויע נאַקעטקייט מיט לעבעדיקן גרינס, גראָבט אויס די שפע, וואָס איז פאַרזונקען און פאַרשטיינערט זינט צענדליקער דורות — נעמט מיך”...

אַ סך זיינען אַוועק אין גליל, פיל האָבן מיט זייער בעסטער יונגנט די שטייניקע פאַרשטיינערטע קרקע געריסן. זיי האָבן מיט זייער בלוט די „תל־חי”־געשיכטע געשאַפן. געקרענקט, געפיבערט, געבלוטיקט, געליטן און געדיכטעט, געפאַלן און געשטיגן, געבויט דעם גליל. די גרויע וואָר, די ביטערע פּראָזע פון עלנט און הונגער צוזאַמען מיטן קאַלטן ארום האָבן אַ סך פון זיי צוריקגעריסן, צוריקגעוואָרפן אין אַלע טיילן פון לאַנד. אָבער ווער ס'האָט אַמאָל דעם גליל באַטראַכט, ווער ס'האָט נאָר דאָרטן קערנער פון שוויים אין באָדן פאַרזייט, איז שטענדיק געבליבן מיט אַ בענקשאַפט אין הארצן, די בענקשאַפט נאָכן גליל!

ברוך האָט געלעבט אין דער בענקשאַפט, און זי טיף געצערטלט ביז זי איז צייטיק געוואָרן נישט אויסצוהאַלטן, און ער איז אַוועק, אַוועק פון ווייב און קינד, אַוועק צו זיין ווייטיק און באַדויערן ניש מיטן רידל, נאָר מיט דער ביקס.

חדשים האָבן געביטן איינער דעם צווייטן, פול שפּאַנונג און אומרו. וויפל מאָל ברוך האָט געלאָזן די ביקס און איז אַוועק אויפן שייער, זיך געזעצט אויף דעם דרעש־ברעט, געשמיסן דאָס פערד, געדרייט זיך און געפלויגן איבער דער גאָלדענער גערעטעניש פון דער ערד ביז שכרות. אָדער אין פעלד פאַרוואָרפן די ביקס קוואַר איבער דער ברוסט, שטאַרק פאַרצויגן מיטן רימען, געכאַפּט דעם אַקער פון קאָלאָניסט, פעסט געדרייט די לייצעס ארום די דלאָניעס — און געשניטן, געריסן תלמים קרקע, זאַפטיקע מאַמע ערד, געטרונקען דעם פרישן ריח אירן נישט זאַט צו ווערן. ברוך האָט אַ שייכות צו ערד. ער איז געבירטיק פון בעסאַראַביע, ווו אָבות אבותיו האָבן געלעבט און געהאָדעוועט דורות אין איר שויס, ביז די גזירות פון די לעצטע יאָרן, ווען די חיה האָט צוריק דערוואַכט אין עמלקן, וואָס האָט גענומען קאָרטשעווען די בעסאַראַבער יידן פון באָדן, ווי זייערע אָבות האָבן דאָ געקאָרטשעוועט פּיענעס מיט דורות

צוריק, און באשאפן די רחבותדיקע זריעה שטחים פון גרינס, פרוכט, תבואה און טאבאק.

חדשים זייַנען אנטלאָפן, ברוך איז ווידער געקומען אהיים צוריק אין דער קאָלאָניע פון יהודה, ס'ווייב און קינד האָבן גערופן, די היים האָט געפאָדערט, דער גליל האָט פרישע מענטשן באַקומען, און ברוכס היים אַליין איז אויך געוואָרן פראַנט. האָט ברוך נישט באַוויזן זיך אָנפרייען מיט דער היים, זיך זאַט אָנקוקן אויפן קינד, וואָס איז עלטער געוואָרן מיט חדשים, באַטראַכטן דעם פאַרוואָרלאָזטן „חצרל", פאַרריכטן דעם צוים, פאַרלאַטען דעם באַראַק, — זיך אויסרעדן ס'האַרץ פאַרן ווייב — ווי ער ליגט שוין ווידער אויף שמירה, אָט דאָ אין דושנעם שמעקעדיקן פרדס, די ביקס פאַרקלעמט אין די הענט, אויג און אויער געשפּאַנט.

ברוך איז געקומען פאַרטרעטן אַ חבר, אַ גוטן ברודער, אַ שומר, וואָס האָט געמוזט אַוועק אין שטאָט רעגולירן אַ חוב אין דער באַנק. די באַנק וויל נישט וויסן פון נישט געאַרבעטע טעג און חדשים, פון הונגער־שמירה־לוין, וואָס קלעקט נישט אויף ברויט פאַר דער היים. די באַנק האָט אויף איר זייט דעם כוח פון געזעץ, וואָס קען און טוט אפילו איצט פאַר־ניכטן אַ יידישן סאָלדאַט פאַר אַ חוב. די באַנק קען פאַרטרייבן ווייב און קינד פון דער היים, פאַרקויפן ס'לעצטע העמד פונעם לייב. די באַנק קאָן אַלץ.

איז ברוכן פאַרשטערט געוואָרן די שמחה פון צוריקקער; ברוך האָט געטאָן זיין פליכט אָן קווענקל, אָן חשבונות. געלעגן אין ווינקל און זיך געשפּילט מיטן אָוונט, וואָס קומט אָן. ווען דער חבר וועט צוריקקומען, וועט ער, ברוך, גיין אהיים, ווו ווייב און קינד קוקן אים אויס.

זייַנען פאַר חדוהן מינוטן געוואָרן שעהן, און שעהן — גאַנצע איי־ביקייטן. זי איז שוין לאַנג פאַרטיק מיט דער שטוב, געוואַשן, געשייערט, געפּוצט, אַ טישטוך געשפּרייט, און אפילו דעם טיש געגרייט.

שעהן קריכן ווי יאָרן לאַנג, דער וועקער טיקעט און האַמערט אי־בער די נערוון, ס'קינד רייסט ביי דער פּאָלע; אַב־אַ, אַבאַלע! אימאַ! ווו איז ברוך?

האַלט חדות ס'קינד אויף דער האַנט און שטייט אין טויערל פון דער היים, קוקט אין ווייטן גרינס, קוקט, און ס'אומגעדולד איז גרויס אי־נעם שטילן פאַרנאַכט.

עטלעכע ווייטע שאָסן האָבן צעריסן די שילקייט און פאַרטראָגן ציטער מיט אומרו אין גאַנצן אָרום.

ברוך איז נישט געקומען.

דער געגרייטער טיש האָט זיך נישט דערוואַרט...

נאָכדעם איז חדוה געזעסן צווישן אייגענע א גאַנצע נאַכט און „בית־עם", ווו אויפן גרויסן פאַרזאַמלונגס־טיש איז געלעגן ברוך, איבערגעדעקט מיט זיין אַלטער שינעל, צוויי ליכט צוקאָפּנס און חברים אַרום.

— „דער טיש איז גרייט, ברוך"! — האָט חדוה געשטאַמלט, — „דער טיש איז גרייט, גרייט" — האָט חדוה געיאָמערט, און ברוכס לעצטע טראָפּנס בלוט האָבן געטריפט, געקאַפּעט: קאַפּ־קאַפּ־קאַפּ, אויפן קאַלטן בעטאָן פון דער פּאָדלאָגע אין „בית־עם"...

# אפיקומן

דער גרויסער סוחר און כלל־טוער שמואל הללי איז זיך געזעסן בהרחבה אין געבעטן שטול, אויבן־אן פון פינקלדיקן שפעדיק געדעקטן סדר־טיש, און די עס־שטוב האט געשמעקט מיט געבראטנס, מיט בלומען און פיינעם, איידעלן פארפום פון דער גברת הללי מיט איר טאכטער רא־יא, מיט דער שמעקעדיקער זייף און אדעקאלאן פון ביידע גלאט־ראזירטע זין.

אזוי ווי שמואל הללי האט געקיניגט איבער דער משפחה, אזוי האט א געפוצטער אכט־רעדלדיקער זילבערנער שבת־לייכטער געקיניגט אי־בערן שפעדיקן טיש, געקיניגט מיט גאווה פון אלט־נגידישן משפחה־יחוס און צוגעגעבן פייערלעכקייט, יום־טוב און שלווה דער געמיטלעכער היים פונעם גרויסן סוחר און כלל־טוער.

ס'איז געווען תש"ב אין ארץ־ישראל. דער פרילינג האט געשמעקט מיט אלע ריחות, מיט שפאנונג און אומרו. בחורים פון אלע לענדער און אומות אין כאקי־קליידער האבן פול־געמאכט די גאסן און וועגן, צוזאמען מיט די היימישע אראבער און יידן; קינדער האבן געצוויטשערט צוזא־מען מיט די פייגל, טשאטעם פון בושלם — טויט־מידע פון איבער ימים און לענדער, האבן געקרייזט איבער שטעט און דערפער, נישט אזוי רו־איק אפאטיש ווי תמיד, נאר צעשראקענע, געטריבן פון פאניק דורך ברו־מענדיקע עראפלאנען, וואס האבן פארנומען דאס מלכות שמים... פון די געעפנטע ראדיאס האט ארויסגעהילכט דער פיבער פון דער צעפלאמטער ערד, קולות פון בורמא האבן זיך צונויפגעמישט מיט שטימען פון מאס־קווע, טעהעראן, לאנדאן, סטאמבול און ירושלים; קולות הארטע, טרוקע־נע ווי דונערן פון הארמאטן, ווי סקריפען פון טאנקען, ווי רויש פון הימל־משחיתים, — א יאמער פון געטאס, פון קאנצלאגערן, געפייף פון נא־הייקעס, געוויין פון אלמנות און יתומים, אויסגעמישט מיט שטעפעריי פון קוילנוואדפערס און „שמע־ישראלס" פון צעבושעוועטן שווארצן ים ארויס...

אבער ביי שמואל הללין איז געמיטלעך. דער זילבערנער אכט־רעדל־דיקער שבת־לייכטער מיט זיינע שטילע פלעמלעך קיניגט איבער א שפע־דיקן טיש, ווו דער מרור ליגט נאר סימבאליש אין א פיצל זילבערנעם

טעצעלע, איינגעטונקען אין זיסינקן חרוסת; טיר און פענצטער זיינען פארהאקט, די „הגדה" איז אפן, און שמואל הללי מיט די בנים לייענען ארויס די מעשה יציאת מצרים אין האלב אשכנזיש און האלב ספרדישער חברה; די גברת נעטי הללי דערשטיקט א געגעצל און די טאכטער ראיא שווימט ערגעץ ווייט מיט א לייכטן ענגלישן ראמאן אין א גאנדאלע אי־בערן קאנאל פון ווענעדיק.

בעת שמואל הללי טונקט דעם סוחריש־כלל־טוערישן פינגער אין רויטן וויין פון זילבערנעם רביעית און ציילט געדולדיק די צען מכות, ליגט אין דר'ערד זיין אמאליקער מענטש יצחק באשעווסקי, אויפן נייעם בית־עולם, ווייט אונטערן שטאט, אין א גרויסן ברודער־קבר.

ער ליגט שוין וואסערע פיר יארעלעך אונטער דער שיינער מירמל־נער פערינגע און קען זיך נישט דערווארטן אויף זיין רייי ביים בית־דין של מעלה; ווייל די מלאכים מיט די געגדזענע פעדערן אונטער די אויער, קענען נישט פארטיק ווערן מיט דער מאסע חקירות פון די אומצייי־ליקע הרוגים אין שפאניע, אביסיניע, אין דער קיטאי, און דא שטרא־מען מתים מיליאנענווייז פון די פראנטן, — איז ווער האט עס דארטן געדולד זיך צו פאטשקען מיט די עטלעכע הונדערט הרוגים פון פיר־פינף יאר אין ארץ־ישראל? קריק גערעדט: וואס איז די האסט? וואס ווען זיי לויפן? ווער וועט זיי ארייגלאזן? ווו וועט מען זיי ארייגלאזן?

נעמט זיך אזא יצחק באשעווסקי, גנבעט זיך ארויס פון קבר און לאזט זיך א שפאציר טאן אין זיין געוועזענער היים, אין יענעם קווארטאל פון יענער שטאט, ווו ס'לעבט זיין אלמנה מיט די צוויי קינדער.

ס'האט זיך אים שטארק פארבענקט אהיים, אין דער אלטער טייערער היים, צו זיין דינה, דנעלע און ישראליקן. ס'איז אים טשיקאווע גע־ווען צו זען, ווי זיין דינה זעט אויס, ווי די יינגלעך זעען אויס, איבער־געלאזט פיצלעך דריי־און־פינף־יאריק.

בשעתו איז ער, יצחק באשעווסקי זכרונו לברכה, געווען גוט גע־שטעלט אין שמואל הללים עסקים. ער איז געווען א משגיח אויף זיינע בנינים, געלעבט ווי א מענטש. ער איז אבער אוועק אויף שמירה, פאר־לאזט דעם ארבעטס־פלאץ און געווארן א גאפיר. ס'איז אים נישט ניחא געווען זיין רואיק לעבן, ווען בלוט, לויטער יידיש בלוט, האט זיך גע־גאסן אין די גאסן פון לאנד. ער איז געווען זיכער, אז בעת ער גייט זיך מקריב זיין פאר זיינע ברידער, וועלן יענע זיין קרבן נישט גרינגשעצן; לכל הפחות, אויב נישט פאר אים, איז פאר זיין משפחה וועלן זיי זיכער זארגן. און ער געדענקט דעם סאמעטענעם קול פון זיין שעף, דעם אדון שמואל הללי, זיינע פלאמיקע רעדעס אויף די אסיפות, ווו ער האט גע־רופן צו „הקרבה עצמית" פארן לאנד און פאלק; ער געדענקט די טויזנ־

טער־טויזנטער מענטשן, וואָס האָבן שוואַרץ געמאַכט די גאַסן בעת מען האָט אים, אַ דערהרגעטן, אויף די הענט געטראָגן הויך־הויך איבער די קעפּ צו זיין לעצטער רו, אונטער דער מירמלנער פּאָרינע אויפן נייעם בית־עולםבית־עולם. ביז איצט נאָך קלינגען אים אין זכרון יענע רעדעס אַרום קבר, פון אַלע גבאים און כלל־טוער, צוזאַמען מיט די הייליקע צו־זאָגן צו פאַרזאָרגן זיין פאַריתומטע משפּחה. ער געדענקט דינהס מילך־בלאַס פּנים, און ביידע קינדער, וואָס זיינען שטאַלץ געווען, צווישן די מיטפּילנדיקע קינדער פון גאַס, מיט זייער פּאָטער דעם העלד, ווי אַזוי יעדערער האָט זיי אַ גלעט געטאָן און אַנדערע יינגלעך האָבן מקנא גע־ווען אַפילו... איז אָבער יצחק באַשעווסקי פיר יאָר צייט אַ שוכן־עפר. נישט ער האָט מער ס'האַרץ, נישט קיין חושים, נישט קיין פּיצל לעבע־דיק פלייש — אַלץ איז אַוועק, אויסגעטריקנט, חוץ די ביינער...

שוכני־עפר האָבן דאָך נישט קיין באַגריף פון צייט, ווייל זיי לעבן אין דער אייביקייט. האָט זיך יצחק באַשעוועסקי דערוווּסט, אַז היינט איז סדר־נאַכט, נאָך פון די הגדה־געזאַנגען, וואָס האָבן אַרויסגעהילכט פון די פאַרשפּאַרטע פענצטער און טירן. (אַז ס'איז מלחמה ווייסן אַלע מתים אויך. זיי פלעגן דאָך כסדר באַקומען גרוסן פון די פרישע צוגעקומענע, וואָס פלעגן אויף זייער גלגול־מחילות וועג אויספּויקן אַלע לעצטע נייעסן פון דער לעבעדיקער ערד). בקיצור, יצחק באַשעווסקי איז צוגעקומען צו זיין היים, און דורך אַ שפּאַרע פון פענצטער האָט ער מיט די אויגן־לעכער דערקענט זיין דינה מיט ביידע בנים, ווי זיי זיצן ביים טיש אין קיך און פּראַווען אַ משונהדיקן סדר אָן אַ טאַטן.

דינה איז נישט אַזוי מילך־בלאַס ווי יענעם טאָג אויף זיין לויה, פון איר שוואַרצן קאָפּ לייכט זילבער אַרויס. ס'פּנים פאַרהאַרטעוועט, פאַר־שפּיצט. ביידע קינדער (אַ געזונט אין זיי) מענלעך מאָגערע, אָפּגעטראָ־גענע, פאַרלאַטעטע בלוזקעס — און דער סדר־טיש: באַשטייט פון אַ משונהדיק געלבלעך ברויט, אַ האַלב פּעקעלע מאַרגאַרינע מיט אַ פּאָר גרינע ציבלקעס...

הערט ער, יצחק באַשעווסקי, ווי זיין דינה פאַרענטפערט זיך פאַר די קינדער: „אפשר חול־המועד וועלן מיר קריגן אַ פּעקל מצה. נישטאָ, קינ־דער, קיין מצה, געאַרבעט, ווי תמיד, נאָך מיט איבערשעהן, נישט גע־קענט שטיין אין דער ריי, נישט געהאַט וועןן; און פלייש, מיינע קינדער, וועלן מיר מאָרגן עסן. נישט געקענט קויפן, ווייל איין אָנסע קאָסט דריי־פערטל טאָג אַרבעט. דערפאַר וועט איר מאָרגן קריגן ניסלעך, קניידלעך און כרעמזלעך, ביים פעטער איטשע. פעטער איטשע איז אַ גוטער, פעטער איטשע איז זייער אַ גוטער"...

אָט נעמט זי, דינה, און עסט מיט זיי דאָס שטיקל ברויט (פּסח צום

סדר), און ער זעט, ווי זי וואַשט זיי אָרום, גיט יעדן צו קוש און שיקט זיי שלאָפן... דערנאָך זעט ער (פסח צום סדר), ווי דינה, זיין דינה, נעמט צונויף די צעריסענע הויזעלעך מיט די העמדלעך, באַטראַכט זיי, געפינט אַ נאָדל־פאָדים און נייט, — גרויסע, פערלדיקע טרערן קייקלען זיך פון אירע אויגן און פאַלן אויף די הענט, אויף דינהס הענט.

האָט ער נישט קיין האַרץ — קלעמט עס נישט; האָט ער נישט קיין אויגן — טרערן זיי אויך נישט; אָבער די ביינער פיבערן און ס'ווילט זיך אַריינכאַפּן אין דער היים. טוט ער עס נישט. ער וויל זי נישט איבער־שרעקן, מחמת ס'קלאַפּט פון זיין הילוך. ער איז פאַרט נישט מער, ווי טרוקענע ביינער, און דאָ הילכט פון אַלע הייזער אַרום דער הגדה־געזאַנג:

„אדיר הוא, אדיר הוא, אל בנה, אל בנה, אל בנה ביתך בקרוב. אל בנה...”

עפּעס אַ מאָדנער כוח האָט אים אַזוי קלאַפּנדיק אָפּגעריסן פון זיין געוועזענער היים און צוגעפירט צום פענצטער פון שמואל הללי — זעט ער דורך זיינע אויגן־לעכער, ווי שמואל הללי זיצט אין ווייכן שטול; ער זעט די ליכט מיטן זילבערנעם שבת־לייכטער; ער זעט דעם שפּעדיקן בוך מיט אַזעלכע איידעלע, פאַרשפּיצטע פּאָלירטע רויט־נעגלדיקע פינ־גער, און שמואל הללי — שטעלט זיך אויף און נעמט ציטעריק דעם זילבערנעם רביעית און זאָגט אַזוי אַביסל, אונטערן נאָז פּאַנפנדיק, ווי תמיד: „הנני מוכן ומזומן לקיים מצוות כוס שלישי — — —”.

ווען יצחק באַשעווסקי האָט כאַטש אַ חוש הריח, וואָלט ער דערפילט דעם ריח פון פעטן געבראָטנס. פילט ער גאָרנישט, נאָר ער זעט דאָס טיש מיט כל־טוב אָנגעשטעלט; ער זעט די אויסגעפּוצטע בחורים מיט פיצל מרור און זיסינקן חרוסת, דעם האַלבן אינדיק מיטן פיסל פאַרריסן אַרויף צו דער סטעליע, די טעלער מיט די טעלערלעך מיטן זילבער, מיט די פלעשער, מיט די קרישטאָלן, די בעכער, די פרוכטן און אַזאַ גרויסן שטרויס בלומען...

„בורא פרי הגפפן” — פּאַנפעט געדולדיק מיטן הגדה־ניגון שמואל הללי.

וויל ער ווערן אין כעס — קען ער ווידער נישט, ווייל ער האָט שוין לאַנג קיין גאַל נישט — אַלץ איז אויסגעטריקנט. אלא אַ שפּור פון אַמ־ביציע איז אים פאַרבליבן און ס'ווילט זיך אים פאַרט עפּעס טאָן, כאָטש אַרויסכאַפּן דעם אפיקומן פון אונטער דעם היסב־בעט און אַנטלויפן צו־ריק צום נייעם בית־עולם; צוריק אין זיין רו אַריין אונטער דער מירמלנער פּערינע...

בעת שמואל הללי האָט גענומען צוטראָגן דעם דריטן כוס צו די ליפּן, נאָך דער זאַפּטיקער ברכה — איז אים דער בעכער אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט. די משפחה האָט נאָר דערהערט אַן „אוי” — און דערזען, ווי דער

טאַטע פֿאַלט ווי אַ סנאָפּ איבערן ווייכן שטול און דער רויטער ווייַן צע־גיסט זיך פֿינקלדיק, ווי אַ ריטשקע בלוט איבערן ווייסן בלאַנקענדיקן סערוועט.

ס'איז געוואָרן אַ טומל. טירן האָבן גענומען קלאַפּן און צעשראָקע־נע שכנים, צעהיצטע, סודדיקע, צעשפּילעטע, האָבן גענומען לויפֿן אַהין און צוריק איבערן טרעפּן־צימער, וואָס איז געווען באַלויכטן דורך דער הערלעכער חודש־ניסן־לבנה.

„שמואל הללין איז נישט גוט געוואָרן". „שמואל הללי איז אוועק־געפֿאַלן".

אַ ריח פֿון וואַלעריאַן האָט פֿאַרטריבן דעם געמיטלעכן סדר־דופֿט. די טאָכטער האָט געבראָכן די הענט. נעטי האָט געפּרוווט חלשן. דער־ווײַלע האָבן גוטע שכנים אויפֿגעהויבן שמואל הללין און אוועקגעלייגט אויף דער ברייטער אָטאָמאַנע. ווײַבער האָבן באַטראַכט דעם נגידישן טיש און בײַדע בנים האָבן געבראַכט צוויי פֿאַרשידענע דאָקטוירים, וואָס האָבן זיך געפֿאָרעט מיט אַ שפּריץ, מיט קישקעלעך אין די אויערן:

„ס'איז גאָרניכטס, גאָרניכטס איזט פּאַסיורט" — האָבן די דאָקטוי־רים געזאָגט. — „דער מאַן איזט וואָהל איבערמידעט"; „אין דיזען שלעכטען צייטן זינד די נערווען זייער געשפּאַנט".

„נאַ, אַדוני, זי פֿינדען זיך שאָן וואָהל, יאָ; דאָס ווירד פֿאַרביי"!

און שמואל הללי האָט געשמאָלט צו זיך אַליין: ער האָט בפּירוש געזען איטשען, איטשע באַשוועסקין, זיין מענטש, איטשע איז דאָ גע־ווען...

די שכנים האָבן זיך איבערגעוווּנקען און געמאַכט העוויות מיטן פֿינגער איבערן שטערן, ווי להבדיל מיט אַ כּפּרה־האָן: „צעדרייט"...

גוטע שכנים האָבן געהאָלפֿן צוראַמען, צענומען דאָס היסב־בעט.

און אַז שמואל הללי איז צו זיך געקומען, איז זיין ערשטער בליק געווען געווענדעט אַהין: צום אַפּיקומן...

# ברית מילה

האנס האָט געלעבט מיט ליזלען וואָסערע 11 יאָר צייט. „מען קען זאָגן", ווי האנס דריקט זיך אויס, „אַז 10 יאָר זיינען אַוועק ווי אַ גוטער חלום". נאָר אין עלפטן יאָר האָבן זיי געהאַט אַזויפיל יסורים, וואָס וואָלטן געקאָנט קלעקן אויף אַ גאַנצן אומגליקלעכן לעבן...

האנס איז געווען אַ ייִד, און ליזל — אַ קריסטין. צען יאָר צייט האָבן זיי דעם ראַסן־חילוק, אָדער ווי האנס זאָגט, דעם „רעליגיעזן אונטערשייד", לחלוטין נישט געפילט. געלעבט האָבן זיי אין קאַסעל, ער — אַ זון פון אַן אַסימילירטער סוחרים־משפחה, זי — אַ טאָכטער פון אַן אָרימען קליינשטעטלדיקן פּרייסישן פּאָסט־מייסטער.

באַקענט האָבן זיי זיך — שווער צו זאָגן ווו — אויף אַן אויספלוג, אפשר ערגעץ אין אַ קאַפע צווישן פרייַנט, וואָרום ביידע האָבן געהערט צו איין מעמד: ער איז געווען אַ באַנק־באַאַמטער; זי — דאָס נעמלעכע. זי האָט געאַרבעט אויף דער פּאָסט. אמת, האנס האָט געענדיקט אַ הויך־שול און אויף זיינע וויזיט־קאַרטלעך האָט ער זיך טיטולירט „ד"ר פילאָ־זאָפיע". ליזל איז אפשר דורכגעקראָכן אַ מיטל־שול, און אין זכות פון אַן אַלטער פריינטשאַפט צווישן איר פאָטער דעם פּאָסט־מייסטער נאָך פון זיין סאָלדאַטישער דינסט־צייט מיטן איצטיקן הויכן באַאַמטן פון קאַסעל, איז ליזל דאָרט אָנגעקומען אַרבעטן אויף דער פּאָסט.

ליזלען האָט מען געמוזט ליב קריגן. איר קענט זיך דערין איבער־צייגן אפילו היינט, ווען איר זעט איר שמעקעדיקן טונקל בלאָנדן קאָפּ, די קינדישע הימל־בלויע אויגן, דאָס לענגלעכע פיינע פּנים, איר באַנע־מונג און די אויסערגעוויינלעכע געמיטלעכקייט אין איר נייער אָרעמער היים אויפן כרמל, וואָס באַשטייט בסך־הכל פון איין צימער מיט אַ קאָ־רידאָרל, אַ פּשיטא דעמאָלט, מיט 12—13 יאָר צוריק, איידער זי איז דורך די ראַסן־אינקוויזיציע אין איר אומגליקלעכן פאָטערלאַנד, (אָ, דאָס פאָטערלאַנד — וויפיל ליבע די שול און די היים האָבן איינגעפלאַנצט צו איר פאָטערלאַנד „פון דער מאַאַס ביז אַן די מעמעל, פון דער עטש ביז אַן די וועלט"!

ווי קומט זי, די פריילעכע, די צאַפּלדיקע, אָדער, ווי איר פאָטער,

דער פּרייס פלעגט זאָגן „מיין בלאַנדער ווינט־קאָפּ", צום שטילן סאָלידן האַנסן, וואָס זיצט איבערגוואַלט איבער די דיקע באַנק־ביכער, און אָטעמט גלייכצייטיק מיט קאַנט, ניטשע, שאָפּענהויער און פיכטע?

שווער צו זאָגן, ווי אַזוי דאָס לעבן פירט מענטשן צונויף, אָבער דאָ האָט זיי דער גורל נישט אָפּגענאַרט, וויילביידע זיינען געווען גליקלעך און צופרידן. סוף כל סוף איז זייער וועלט געווען קאָנצענטרירט אין דער היים, ער מיט זיינע ביכער, מיט ליזלען און מיט די קינדער; זי מיט דאָס נעמלעכע. וואָס האַנסן האָבן אויסגעפילט די ביכער, האָט איר בכלל אויסגעפילט די היים, אלס אזא.

אַמאָל איז דער שידוך שטאַרק נישט אַנגענאַנגען דווקא זיינע על־טערן. זיי פלעגן טענהן: „אַ שיינע פּאָר פּאַר אים! אָבער דענקען זי נישט, אַז מיר האָבן דאָ רעליגיעזע פּאַראורטיילן. אַך, ניין! מיר האָבן זיך אַנ־דערש פאַרגעשטעלט זיין צוקונפט. איין איינציקער איז ער ביי אונדז, מיר האָבן געהאַט גענוג פאַרמעג, מיר האָבן זיין משוגעת נאָכגעגעבן או געלאָזט שטודירן פילאָזאָפיע, מיר זיינען געווען צופרידן, בעת ער איז מסכים געווען צו גיין אַרבעטן אין באַנק.

איצט — נאַ דיר אַ מעשה מיטן מיידל"!

אין דער אמתן האָט זיי שטאַרק געקרענקט די אָפּשטאַמונג פונעם מיידל; ווי הער אַרנאָלד, דער סוחר, זאָל נישט געווען זיין אסימילירט און פאַרגוייִשט, ווי פרוי מאַרי (געבירטיק מרים וויינבערג) האָט זיך נישט געריסן אין דער הויכער שטאָטישער קריסטלעכער געזעלשאַפט, דורך איר אַנטייל אין אַלע ווויִלטעטיקע געזעלשאַפטן, ווו זי האָט גע־שאַטן הויפנס פון איר מאַנס רווחים, האָט אין זייערע אָדערן דאָך גע־פלאָסן יִידיש בלוט, פון אַלטע שטאַמען וווילערנער, רבנים, סופרים, אייזערנע אָרטאָדאָקסן מיט וואָרצלען געצווייגן ביזן טיפן מיטלאַלטער, ביז צו די קידוש־השם־מענטשן פון יענע פינצטערע ריטער און קרייץ־טרעגער־תקופות. דווקא האַנס' „שידוך" האָט פליסיק געמאַכט טיף־טיפע פאַר־באַרגענע גייסטיקע קוואַלן, וואָס זיינען ווער ווייסט ווי לאַנג געלעגן פאַר־שטאָפּט און פאַרוואַקסן, האַנס' „שידוך" האָט ביי ביידע עלטערן אַרויס־גערופן שווערע גייסטיקע ליידן און געוויסנס־פּיין, געפילן, וואָס זיי האָבן קיינמאָל נישט געאַנט. וואָרום וואָס האָט זייער היים דערמאָנט יִידיש־קייט? — דער ראש השנה־יום־כּיפּור גיין אין טעמפּל אָדער די אַלטע ירושה־ביכער־שאַפע, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווייטן ווינקל פון דער רחבותדיקער דירה פאַררוקט, אָנגעפילט מיט יִידישע ספרים געדרוקטע נאָך אין מיינץ און וואָרמס?

האַנסנס פאָטער איז גיך געפאַלן אין דער אינפלאַציע־צייט, נאָך גי־כער ווי ער איז אויפגעקומען; אַ ראַק האָט אים באַפרייט פון דער משו־גענער וועלט. פרוי מאַרי (געבירטיק מרים וויינבערג) האָט זיך אויך לאַנג

נישט אויפגעהאַלטן נאָכן פּאָטערס טויט; אַ פאַרלאָזענע צוקער־קרענק האָט פאַרגיכערט איר סוף, און האַנס איז געבליבן איינער אַליין מיט דער וויסטער חרובער, רחבותדיקער דירה, אַלע מניעות צוזאַמען מיטן עלנט האָבן זיך געענדיקט, בעת ער איז מיט ליזלען צוריקגעקומען פון שטאַנדעם־אַמט...

ווי לאַנג איז דאָס שוין! דורות, תקופות צוריק!

די באַנק איז געוואָרן האַנסנס אָנהאַלט אין לעבן, מחמת זי האָט אים מיט זיין היים געשפּייזט. ווער ווייסט — צי האַנס וואָלט אין אַמאָליקע צייטן ביז פּענסיע נישט אָפּגעזעסן אין דער באַנק־קאַנטאָר, ווען נישט דער ווילדער דרויסן, דער היסטאָרישער שטורעם, וואָס האָט אַלטע דעמבעס אַרויסגעריסן מיט די וואָרצלען, אַ פּשיטא אַזאַ ביימעלע ווי האַנס, וועמען מען האָט „גלייכגעשאַלטעט" באַלד נאָך היטלערס נצחון, און מיט אַמאָל געלאָזט שטיין שוצלאָז, הילפלאָז, עלנט ווי אַ זוויג־קינד, וועמען די מוטער איז אַוועקגעשטאָרבן...

צוזאַמען מיט נאָך זיין גליכן האָבן די כוואַליעס פון צעשטורעמטן ים געבראַכט האַנסן קיין ארץ־ישראל, ווו ער האָט זיך נישט לאַנג אַרומגעדרייט פּוסט און פּאַס. זיינע באַקאַנטע אין דער ליטונג פון די „עולי גרמניה" האָבן אים איידל געראָטן ביז וואָס־ווען, זיך איינשאַפן אַ קאָרטענע פאַר־הויזן, אַ ביליקע פּאָר שיך מיט אַ העמדל, און גיין אַרבעטן אויף „נייבוי", אויף „בנין", אַזוי צו זאָגן. האַנס איז אַוועק אויף „בנין", אַוועק צווישן די בוי־אַרבעטער, וואָס האָבן אָנהויבס אַ ביסל געחוזקט פון שלימזלדיקן באַברילטן „יעקע", אָבער אים גיך צוגעטוליעט און פאַרברידערט, אויסגעהאָלפן נישט נאָר מיט עצות, נאָר בידים ממש, ווייל האַנסנס תמימות און איידלקייט האָט טיף גערירט די חברה און זיי האָבן אים ליב באַקומען.

אמת, די פיס שטרויכלען אים אַביסל, די הענט טוען וויי, ליזל איז בלאַס, — פאַרלירט נישט זעלטן אַ שווערע דורכזיכטיקע טרער. אָבער וואָס? האַנס פילט זיך גוט אין ארץ ישראל, גוט ווי ס'פילט זיך אַ קינד. עס דוכט זיך האַנסן, אַז ער לעבט ווירקלעך די גאַנצע קינדהייט זיינע, אַזוי פריי און נאַטירלעך לעבט ער, כאָטש די הענט זיינען געשוואָלן און די פיס שטרויכלען.

צו זיינע קאָלעגן זאָגט ער: „ד"ר פילאָזאָפיע האַנס איז נישטאָ. נישט געוואָרן. דער שוואַרץ־אַרבעטער האַנס איז פאַראַנען, ער לעבט — „חי וקיים". ער איז פריי און באַפרייט".

— צי האָט איר, קאָלעגן, פאַרגעסן אונדזערע לעצטע חדשים אין קאַסעל?

„דרעקיגער יודע", „יודע פעררעקע", „פייגער יודע". זיין ליזל האָט געהייסן „יידישע הור", „פאַרקויפטע זונה". אויפן גאַס פלעגן זיי נאָכ־

לויפן שאריעס קינדער מיטן „האָרסט־וועססעל" ליד, און וויפיל מאָל האָט מען ליזלען אָנגעשפּיגן אין פּנים, אַראָפּגעריסן דעם הוט?

איינמאָל איז זי געקומען אַ צעביילטע מיט צעריסענע קליידער. זי איז געלאָפן אין וואַש־צימער שלינגען סובלימאַט. — „מער קען זי נישט"... זי קען נישט אַריבערטראָגן די שאַנד פון איר פאָלק, פון איר דייטשעס פאָלק!

„ווען איר פאָטער, דער פרייס, דער אַריער, וואָס ציט זיין יחוס פון טעווטאָנישע קדמונים — וואָלט געלעבט, וואָלט ער זיכער אַראָפּגעכאַפּט די „קנאַרע" פון וואַנט און דערשאָסן אָט דאָס מענטשלעכע אומפּלייט, וואָס פילט איצט אָן די גאַסן".

זייערע יינגלעך אין דער שולע:

די קינדער פלעגט מען אַריינלייגן מענטשלעכע צואה אין די טעקעס, רייסן הויפנס בלאָנדע האָר פון קאָפּ. די קינדער פלעגט מען אין גאַס אַראָפּרייסן די הייזלעך און לאָזן לויפן מיט דער ערווה אַרויס. מען האָט זיי פאַרביטן די נעמען אויף „שויסלעכע יודן". זיי האָבן אויפגעהערט עסן, אויפגעהערט זיך שפּילן, אויפגעהערט לערנען. זיי פלעגן זיך וואַרפן אין שלאָף און זיך אויפכאַפּן מיט שרעקלעכע קולות.

„מו—טי, מ—ו—ו—טי שיצע מיך"!

האַנסן האָט מען גיך „גלייכגעשאַלטעט" און קיין אַנדער אַרבעט איז נישט געווען צו קריגן. האַנס האָט זיך געוואָרפן צו דער פאַרשטויבטער, פאַרוואָרלאָזטער ביכער־שאַפע, די ירושה פון זיינע עלטערן. ער האָט זיך דערפילט אַלס „פאַרשאָלטענער יודע". ס'האָט אים אַ שווערע לאַסט געדריקט די נשמה, ער האָט געפּרוווט זוכן אין די שווערע פאָליאַנטן פון די אָבות אין דער פאַרגעסענער ירושה־שאַפע, אַלא וואָס? משונהדיקע אותיות, קאַנטיקע, אָנגעפּינטלט ביז קאָפּ־שווינדל, טויטע, שטומע ווערטער, און סימנים, וואָס ווייסן אפשר יאָ עפּעס, שווייגן זיי. ער פאַרשטייט זיי נישט, די ווערטער, די אותיות, ער קען אפילו זיין נאָמען נישט אויסלייגן אין אָט דער משונהדיקער שריפט. די שווערע ביכער זיינען אים נאָענט ביז צום וויינען און גלייכצייטיק ווייט ביז נישט צו פאַרשטיין. וואָס?

„מיר מוזן דראַוס", וויינט ליזל, זי קען ניט זען די שאַנד פון איר פאָלק. זי שעמט זיך פאַר איר אייגן בלוט, פאַר אירע אייגענע קינדער, און אָט ליגט ביי איר ברוסט דאָס יינגסטע, דער 6 חדשימדיקער ווילי! — וואָס וועט זי זאָגן איר ווילי, אָט דעם הונגעריקן נפשל, וואָס נאָגט איר ברוסט? וואָס וועט זי אים דערציילן פון איר היים, פון איר פאָטערלאַנד, פון איר פאָלק? אפשר האָט זי חרטה אויף איר פאַרבינדונג מיט האַנסן? — „ניין, ניין", שרייט זי אויף זיך אַליין...

האַנס, איר האַנס, דער ליבער, דער געפּייניקטער: — „האַנס, מען קרייציגט דיך הונדערט מאָל אַ טאָג, האַנס מיר מוזן רדראַוס"!

האָבן זיי איצט חרטה, וואָס זיי האָבן פאַרלאָזן יענע לעבן?

ניין.

אומבאַקאַנטע געפילן און פאַרלאַנגען האָבן זיך דערוועקט ביי האַנסן אין פּאַלעסטינע. ס'האָט זיך אויפגעוועקט אַ כעס קעגן עלטערן, קעגן דער משפּחה, וואָס האָבן אים גאָרנישט געלערנט פון זיין פאָלק. ער איז מקנא זיינע שכנים, וואָס האָבן הנאה פון „שאַבאַס". אמת, האַנס האָט אין אויסלאַנד אויך געהאַט שבתים און ימים טובים. קיין הנאה האָט ער אָבער נישט געהאַט, ווי ער האָט אין ארץ־ישראל. דער תענוג, אַז מאָרגן קען מען לענגער שלאָפן, מאָרגן קען מען צונויפנעמען די קינדער אויף דער האָריקער ברוסט און זיך שפּילן מיט זיי; מאָרגן קען מען צוזאַמען מיט דער משפּחה גיין אין יונגן וואַלד אַריינאָטעמען פרישע געזונטע באַרג־ און ים־לופט.

יאָ, פרייד האָט ער אויך, אָבער ס'איז נאָך אַלץ נישט „דאָס".

אַ שאָטנדל פאַרשטעלט אויך ליזלען איר פרייד, מיט איר מוטער־אינסטינקט האָט זי דערפילט סימנים פון אָפּגעפרעמדקייט מצד די על־טערע 2 קינדער. זיי פּלאַפּלען אויף אַ לשון, וואָס זי פאַרשטייט נישט, און איינמאָל זיינען ביידע געקומען פון דער שולע מיט אומעטיקע געמי־טער. בעת זי האָט זיי געוואַשן אונטערן קאַלטן טוש האָט איר דער על־טערער, מיט אַ פאַרשטיקטן קול געפרעגט:

— מוטי, אין דער שולע האָבן די קינדער געמאַכט פון זיי חוזק, מען האָט זיי אַריינגעשמיסן אין פּנים: „די אימאַ, זאָ צו זאָגן, די מוטי, איז אַ קריסטין, זאָ צו זאָגן אַ גויע"...

אַ וואָלקנדל האָט אויך פאַרצויגן האַנסן ס'געזיכט אין יענעם אָוונט, ווען ליזל האָט אים דערציילט די מעשה, וואָס די קינדער האָבן איר דער־ציילט פון שולע. ער האָט זיך געוואָרגן מיטן עסן, און יענע נאַכט האָט ער זי פעסט געדריקט צו זיך, זיין ליזלען, און געציטערט האָט ער פאַר אַ שפּראָצל גערדאַנק, וואָס האָט פאַרגעבליצט זיין מוח: „צי דען זאָל ער דאָ אין „יודנלאַנד", דערפילן יענע שאַנד פאַר זיין פאָלק, ווי ס'האָט געפילט ליזל אין דייטשלאַנד פאַר איר פאָלק"?

זיי האָבן זיך מישב געווען מיט שכנים, און אָנגענומען די עצה צו שאַפן „יידישע שטימונג אין דער היים". האַנס האָט געבראַכט אַ מזוזה און אַרויפגעשלאָגן אויפן ביישטידל פון אַריינגאַנג, האַנס האָט זיך איינ־געשאַפן ביכלעך און גענומען לערנען העברעיִש. האַנס האָט געפרווט נאָכטאָן זיין דייטשישן שכן. יענער פלעגט זיך נוהג זיין פרייטיק צו נאַכט אַזוי:

די משפּחה אויסזעצן אַרום טיש, דעם טיש דעק מיט אַ געפרעסט

מיט סערוועט, אָנצינדן ליכט, און ארויסנעמען די גראַמאָפאָן־פּלאַטן בלערליי חזנישע תפילות, אַנדרייען דעם גראַמאָפאָן. דער גראַמאָפאָן האָט געדראָונגט, און די משפחה איז פייערלעך געזעסן ארום טיש מיט געבויגענע קעפּ, ביז נאָך דער גראַמאָפאָנישער „גאָטעס דינסט". יסורימדיקע בענקעניש און פייערלעכקייט האָט געהערשט ביי זיין שכן. דער שכן אַליין פלעגט אָנטאָן א ווייסע יאַרמולקע און מיטזינגען מיטן גראַמאָפאָן. אַזוי האָט זיך נוהג געווען האַנסנס שכן, וואָס איז הי געקומען פון דאַרמשטאָט.

האַנס האָט, מיט ליזלס הסכמה, צוליב די קינדערסוועגן אויך געפּרוווט אזוי טאָן. א גראַמאָפאָן האָבן זיי מיטגעבראַכט, דער שכן האָט זיי ליבנסווירדיק אויסגעליען אייניקע חזנישע פּלאַטן, און צו זייער אַנטוישונג, האָבן די קינדער געשטיפּט און געלאַכט ביי דעם גאַנצן שפּיל. אַנשטאָט יענע פייערלעכקייט און שטימונג, וואָס האַנס מיט ליזלען האָבן געהאָפט צו שאַפן אין דער היים, האָט זיך באַקומען א פּורים־שפּיל. די קינדער האָבן נאָכגעגאַרגלט דעם חזן און געפאָדערט שענערע פּלאַטן, ווי למשל „עמק, עמק, עבודה", אָדער די טאַנץ האָרעס, וואָס די ארבעטער טאַנצן זינגענדיק יעדן אָוונט, נישט ווייט, אין דעם זומער־לאַגער דאָ אויפן כרמל, אָדער דאָרטן אויפן נאַקעטן שפּיץ־באַרג אין דער באַראַכאָווער סאַנאַטאָריע.

אַזוי זיינען געלאָפן זייערע ערשטע חדשים פון זייער קומען אין ארץ־ישראל, אַזוי זיינען זיי געגאַנגען טריט־ביי־טריט פאָראויס צום נייעם לעבן ביזן גרויסן אומגליק, וואָס זיי האָט געטראָפן:

ליזל האָט איר לעבן, איר פרייד, אירע אַלע האָפענונגען פאַרבונדן מיטן יינגסטן קינד, מיט ווילין. „ער", האָט זי געטראַכט, „וועט אויסוואקסן א פּולקומער מענטש, א פרייער. ער, ווילי, ווייס נישט פון יענעם גהינם דאָרטן אין איר געשענדעטן פאָטערלאַנד. צוליב אים לויפט זי, ליזל, אויף די אָוונט־קורסן, זי וויל זיך איינגבייסן, אריינוואקסן אין נייעם יידישן לעבן. זי וויל אפילו איינבייסן און באַזיצן די שווערע שפּראַך, צוליב אים, צוליב איר ווילי, וואָס לויפט שוין ארום און פּלאַפּלט קינדישזים אַזוי, אַז זי פאַרגעסט אַלע אירע איבערגעלעבטע ענויים.

ווען ליזל איז אוועק אין קראַם איינקויפן פּראָדוקטן, איז דער קליינער ווילי ארויסגעלאָפן אין גאַס, פון שאַרפן ווינקל איז ווי א טייוול אָנגעלאָפן א שווערער אויטאָבוס און פאַרענדיקט מיט ווילין.

ווען גוטע פריינט האָבן האַנסן געבראַכט אין א טאַקסי אהיים, איז שוין די שטוב פול געווען מיט מענטשן. דאָס קליינע קערפּערל פון ווילין איז געלעגן אויף אַן אָראָפּגענומענער טיר. פאַרוואָס אויפן טיר? האַנס ווייס נישט, ער זעט נאָר, ווי דאָס קינד ליגט אויפן טיר, אונטערן קינדעטלעכע שטרוי. צו וואָס? און אין זיין שכנס שבתדיקן לייכטער ברענען ליכט צוקאָפּנס פון קינד, ברענען מיט רויטע פלעמלעך, רויטע פלעמ־

לעך זעט האַנס. און ליזל? ליזל זיצט צוקאַפּנס אַ פּאַרגליווערטע מיטן שטריקענעם קוישל אויפן שויס. ליזל שווייגט, טויט בלאַס. דאָס קאַפּטיכל אַראָפּגערוקט אָן אַ זייט, פּאַסמעס בלאָנדע האָר צוגעקלעפּט צום שטערן.

האַנס ווייס נישט וואָס דאָ טוט זיך. ער קען נאָך אַלץ נישט תופס זיין, וואָס דאָ איז געשען. מען פירט אים אַרויס און זיין שכן רעדט עפּעס, ער הערט נישט, ער פאַרשטייט נישט. אָט זיצט ער ביי זיין שכן, ביי יענעם טיש, וואָס איז שבת געדעקט מיט אַ סערוועט, אַ ווייסן סערוועט. האַנס פּרוּווט אָנטאַפּן דעם טישטוך, ס'איז נישט דאָס. דאָס איז גאָר אַ ווייכער, קאָלירטער טישטוך. ער דרייט זיך אום און זוכט מיט די אויגן אין צימער. יאָ, אָט שטייט אין ווינקל דאָס טישל מיטן גראַמאַפאָן, איבערגעדעקט מיט אַ ווייסן געשטריקטן טישטוכל...

אַרום טיש זיצן יידן, פרעמדע יידן מיט בערד, ווי זיין זיידע, האַנסנס זיידע, דער לייפּציגער סוחר, וואָס איז פאַרטראָגן געוואָרן קיין קאַסעל, און די יידן מיט די בערד זאָגן אַזוי:

„יאָ, פאָטער, מיר קענען אייער קינד נישט מקבר זיין. ער איז אַ גוי, ער איז נישט באַשניטן".

דער פון קהלה גיט צו:

„די קהלה פון אונדזער שטאָט וועט עס נישט דערלאָזן, זיי ווילן אַ נישט געמלט קינד נישט מקבר זיין".

האַנס שווייגט.

— „מען מוז דאָס קינד מל זיין"!

אַ שוידער איז דורך האַנס לייב. פאַר זיינע אויגן איז אויפגעשוווּ־ מען ליזל, אין זיינע אויערן האָבן זיך צעזונגען צענער טויזנטער „האָרסט־ וועססעל"־מאָטיוון:

„ווען ס'יודען־בלוט פון מעסער שפּריצט".

יאָ, איר מוזט באַשליסן, הער דאָקטאָר, „כן, אדוני"!

„הער דאָקטאָר", הילכט אים אין אויער אַריין. „אדוני, כן".

מער האָט מען ביי אים שוין גאָרנישט געפרעגט. מען האָט דאָס קינד, דעם טויטן ווילי, אַראָפּגענומען פון דער אויסגעלייגטער טיר. אַ ייד מיט אַ צעפּאַטלטער באָרד האָט אָנגעטאָן אַ טלית און ס'קינד גע־ נומען אויפן שויס. אַ צווייטער ייד האָט אויסגעטאָן זיין פּליושענעם קאַ־ פּעליוש, אונטערן קאַפּעליוש איז געבליבן אַ קליין יאַרמולקעלע. ער האָט אויך אָנגעטאָן אַ טלית. אַ דריטער ייד האָט זיך עפּעס געפּאָרעט מיט אַ מעצעלע זאַמד, און אַלע יידן האָבן אויפן קול גענומען עפּעס זאָגן.

האַנסן האָט געשווינדלט פאַר די אויגן. וואָס איז פאָרט געשען? ער קען נאָך אַלץ נישט תופס זיין: יאָ, ווילי איז טויט, יידן מיט בערד, דער שכן האַלט אים אונטערן אָרעם, עפּעס „בעטן זיי", דאַוונען, 2 יידן מיט טליתים, וואָס?

ליזל שוועבט אים איצטער פאר די אויגן. ליזל הויבט זיך אויף פון איר שטול, דער שטריקענער קאַשיקל פאַלט איר אַראָפּ פון שויס. ס׳גיט איר אַ חלף אַ בליץ אין די אויגן, וואָס „איין יודע" נעמט אַרויס פון אַ לענגלעך קעסטעלע.

אַ חלף:

האַנס שטאַמלט:

„ווען ס׳יודען־בלוט פון מעסער שפּריצט".

ליזל שפּרינגט אויף ווי אַ וועלפין מיט אַ גהינם אין די אויגן. וואָס ווילן זיי טאָן, „ד י י ו ד ע ן" מיט איר ווילי, מיט איר ווי—לי—נען?

„על המילה־ה־ה־ה", האָט אַ באָרד אויסגעזונגען.

זיי האָבן דאָס טויטע קינד מל געווען...

# אַמאָל

אין אַ צעבליטן בלומיקן ניסן־טאָג איז סענדער דער מוליער געשטאַנען אויף אַ רושטעוואַניע, און אויסזינגענדיק שטיקער יוצרות פון „שקלים”, געפּאַטשט טינק אויף אַ נאַקעטער בעטאָן־וואַנט; אינדרויסן האָט געשמעקט דער פרילינג אין פולער פּראַכט. די דורכזיכטיקייט האָט אַנטפּלעקט גרויסע מרחקים פון בנין אַראָפּ, ווו סענדער האָט געאַרבעט. ס'האָט געשמעקט מיט ערב פּסח, מיט בין־הזמנים, ווען שול־יוגנט מאַכט פול אַלע וועגן און שטעגן פון ארץ־ישראל — די צייט פון די טראַדיציאָנעלע אויספלוגן, אין די גרינע מרחקים, אין פעלדער, בערג און טאָלן.

זיינען פאַרבייגעגאַנגען דעם בנין אַ מחנה יינגלעך מיט מיידלעך, פריידיקע, טאַנצנדיקע, וואָס האָבן צוזאַמען מיט די פייגל אויסגעפילט דעם ליכטיקן טאָג. חברה זיינען געשפּרונגען, געלאָפן, געשטויסן איינער דעם צווייטן און מעשה קונדס געפּאַטשט איבער די צוגעברענטע ליטקעס פון שטאַרקע פּיס.

האָט דער רעלס געקלונגען מיטאָג־שעה, חברה אויפן בנין האָבן געוואָרפן די כלים, מיט פאַרשמאָרעטע אַרבל געווישט דעם געזאַלצענעם שווייס, און זיך געלאָזן גיין צום קראַן אַרומוואַשן, אָפּפרישן אום מקיים זיין די מצוה מיטאָגן, וואָס זיינען געלעגן איינגעפּאַקט אין די אָפּגעריסענע מיתה־משונה־קאָלירטע האַנט־טעשלעך און קעסטלעך.

סענדער האָט נישט געפאָלגט דעם קלונג, מחמת ער האָט געמוזט פאַרענדיקן אויסצוקראַצן אַ קאַנט און נאָכדעם ערשט פּאַמעלעך אוועקגעלייגט די העליע אַרויסגענומען פון בוזים דאָס רויטע טוך, אָפּגעווישט די שפּאַקולן, דעם גרוי־בערלדיקן ליבן באַלמעלאָכישן פּנים, און אַוועק צום קראַן אויף נטילת־ידים.

אַז די יונגע געזאַנגען האָבן זיך נאָך אַלץ געטראָגן אין דער פרילינגס־לופט, האָט סענדער אָפּגעטרייסלט די ברעקלעך פונעם גרויען בערדל, אָפּגעווישט ס'מויל, אַ פּרעפּל געטאָן דעם חלק, וואָס געהערט צום רבונו של עולם, און זיך פאַרקליבן אין שאָטן פון סקלאַדל צווישן דער

איבעריקער חברה, וועלכע האָבן מיט הנאה אויסגעצויגן די ביינער און פּנימער צום ליכטיקן הימל אַרויף.

„עך, יקום בעמבעס" — האָט סענדער אַ זאָג געטאָן — „אַט הוליען חברה פריי ווי די פייגל אין די גאַסן פון ירושלים, יינגלעך, מיידלעך, נאַקעטע ליטקעס, גילוי ראש, אָפּגעדעקטע מיידלשע לאַפּעס, קכי, ימח־שמוניקעס, זאָלט איר געזונט זיין!"

„אַט האָב איך נישט לאַנג פאַרריכט דעם גדר פון „הר הזיתים", און זיך אָנגעשטויסן אויף אַן איבערגעדרייטן שטיין, ווו ס'איז געווען אויס־געקריצט קוים צו דערקענען:

פ"נ
הבתולה רייזל
בת ר' צדוק,
שבקה חיים לכל חי
י' ניסן, תרנ"ט.
י ר ו ש ל י ם , עהתבב"א.

„האָט מיר אַ טיאַכקע געטאָן אין לונג און לעבער, וואָרום כ'האָב זיך דערמאָנט אָן רייזעלען, די גרויסע פאַרשווינטע פון אַלטשטאָט, וואָס האָט געמאַכט אויפרודערן אַ וועלט, יאָרן לאַנג געלעגן ביי מענטשן אין די מיילער און ביי בחורים אין די הערצער.

רייזעלע, רבי צדוק דעם גאָלדשמידס בת־יחידל, די שלאַנקע, די באַ־שמעקטע, די בלאַסע מיט די ליכטיקע גרויסע שוואַרצע אויגן, וואָס האָט געמיטער געצונדן אין שריפות, פאַרכישופט מענטשן און זיי צוגעשמידט צום ברוק, נישט אוועקצוגיין, ביז זי פלעגט פאַרשווינדן אין געוועלבטן אַריינגאַנג פון טאַטנס טויערל. און אַז זי איז פאַרשוווּנדן, פלעגט מען נאָך לאַנג שטיין און אַריינאָטעמען די לופט, ווו די באַשמעקטע איז דורכגע־גאַנגען.

אַלט איז זי דעמאָלט געווען וואָסערע 19 יאָרעלעך — אין יענע צייטן — אַ באַרימטע בתולה. צום אומגליק האָט איר די סטרא־אחרא פאַרטשעפּעט, און אַ געמורמל איז אוועק, אַז רייזל איז אַראָפּ פון דרך־הישר.

דרך־הישר אַמאָל איז נישט דרך־הישר היינט. אַמאָל איז געגנוג געווען,

אַז אַ בתולה האָט געדערט העכער ווי שטיל, זכרים זאָלן הערן. אַמאָל איז גענוג געווען שטיין אין פענצטער אָן אַ קאָפּ־טיכל, ווער רעדט נאָך לייענען אַ מעשה־ביכל — דאָס איז שוין געווען אַראָפּ פון „דרך־הישר".

אונדז אַלעמען, צו לאַנגע יאָר, איז רבי צדוק געווען אַ טייערער ייִד. ער האָט געהערט ס'געפּלאַפּל וועגן זיין רייזעלען און ס'געמוזט שווייגן; וואָרום, מ'שטיינס געזאָגט, איז ער געווען אַ ייד אַ חלוש, אַן אַלמן, עלנט, און רייזל, ס'איינציקע קינד — זיין טרייסט און נחמה.

אין יענע יאָרן האָבן זיך שוין אַרומגעדרייט אין ירושלים די ערשטע ציוניסטן, געקומענע פון ראַסיי. זיי פלעגן אָנפאָרן, זיך קהלן, זיך דאָקטאָרן, צום קאָנסול — און דערווייל פאַרשפּרייטן אפּיקורסות אַרום; דעם אמת גערעדט, זיינען עס געווען ווילע חברה, טאַטנס קינדער, „סקובענטן", „סטאַדענטן", דער גוטער יאָר ווייסט זיי דאָרט... געטראָגן האָבן זיי שוואַר־צע טשופּריזנעס, דורכגעוואָרפן מיט זילבערנע פּעדים, היטלען מיט לאַקיר־טע דאַשקעס, בלויע־אַקאַלישקעס פון גראַנאַטענעם טוך, העמדלעך הויך פאַרשפּילעט אַרום דער גרגרת, אַרומגעכאַפּט מיט אַ קוטאַש, שטיבלעטן אָדער גלאַנציקע פּריצישע שטיוועלעך. געווען זיינען זיי אַזעטיקע אפּיקור־סים, וואָס זיינען גרייט צו גיין אין פייער און גהינום פאַר זייער אפּי־קורסות.

מאַכט זיך אַזוי, אַז אַזאַ תכשיט קומט אַריין צו רבי צדוק אין גע־וועלב פאַרקויפן אַ רינג מיט אַן איידלשטיין, און צום אומגליק טרעפט ער זיך אויג אויף אויג מיט רייזלען.

וויפל דאַרף מען, זיך צו פאַרליאַפּען אין אַזאַ פאַרשוין ווי רייזל?

— איין גוט קוקעלע, און „פאַרטיק".

סענדער האָט שווער אָפּגעאָטעמט, אַרויסגענומען ס'שקעטעלע טאַ־באַק, אָנגעשאָטן אַ נישקשהדיקן פּראַשעק אין גריבעלע צווישן פערטן און פינפטן, גראָבן פינגער, אַ גוטן ציִ־אַריין געטאָן דעם טייערן עולם־הזה־דיקן ריח און זיך אָנגעלאָדן אַ נאָס־טאָן. פון נאָס איז אָבער גאָרנישט געוואָרן און סענדער האָט ווייטער דערציילט:

דער בחור איז ווי צוגעשמידט געוואָרן צו דער ערד. רייזעלע האָט אַראָפּגעלאָזן אירע ליבטיקע אויגן און ס'צאַרטע בלאַסע פּנים האָט זיך פאַררויטלט, ווי דעת מערב פאַרנאַכט.

— טאַטעשי איז יעצט ניכט צו הויז", — האָט זי אים שטילער־הייט, איידל, מיט דעם לשון פון אַ מעשה־ביכל, געענטפערט. „זאָלן זי אַ ביסכען וואַרטן". אין דער אמתן האָט זי געוווסט, אַז ר' צדוק וועט קו־מען שפּעט, זייער שפּעט, אָבער דאָס האָט איר אונטערגעזאָגט די סטרא אחרא, אַזוי צום זאָגן. זי איז געשטאַנען אַ צוגעשמידטע מיט אירע אַראָפּ־געלאָזטע אויגן און געגנבעט קוקעלעך אויפן תכשיט, ווי דער תכשיט איז

אויך אזוי געשטאַנען צוגעשמידט מיט א האַלב אָפּן מויל — און נישט געקאָנט אַפּרייסן זיינע קוקערס פון רייזעלען.

צדוק איז געקומען שפּעט, טאַקע צו שפּעט. ביידע זיינען געווען פאַרליאַפּעט; ווי זאָגט מען עס ביי אייך? — פאַרליבט צום טויט.

אין אַלטשטאָט זיינען נישטאָ קיין סודות; פאַרקערט, דאָרטן ווייסט מען זאַכן נאָך איידער זיי פאַרלויפן... האָט די אַלט־שטאָט צעמאַליעוועט די געשיכטע אין טויזנט פאַרבן און אַרומגערעדט אויף צען טויזנט לאָדן, אַז אַזוי און אַזוי, אַזוי און אַזוי, און אַזוי ווייטער...

ס'איז שוין פּשוט און קלאָר, אַז רייזלען איז צו ענג געוואָרן די שטאָט, און רבי צדוק איז איינגעדאַרט און קראַנק געוואָרן, לא עליכם, פון עגמת נפש.

אַלט־ירושלים מיט 40 יאָרעלעך צוריק איז נישט דאָס, וואָס היינט. אַלט־ירושלים אין יאָר תרנ"ט איז פול געווען מיט לומדים, ישיבה־בחו־רים, מקובלים, רבנים, דיינים, משולחים, גבאים, תלמידי חכמים אָן אַ שיעור און אָן אַ צאָל. די שטאָט איז געלעגן איינגעטינקט אין יראה, תורה און שכינה. עולם הזה? — וואָס מיר, ווען מיר עולם הזה? — דאָס איז דאָך אויך געווען נאָר לשם שמים. און טאָמער, חלילה, האָט זיך ווו דורכ־געשפּאַרט אַ שפּראָץ תאווה, רחמנא ליצלן, ביי יענעם לומדישן עולם, האָט מען עס דערשטיקט און אַרויסגעשמיסן מיטן שווערן מלקות־רימען פון ר' נטע דעם שמש אין דער שול פון ר' יהודה החסיד; מען האָט עס אַרויסגעבעזימט און פאַרטריבן מיט תעניתים, סגופים און תשובה — כאַ־כאַ־כאַ. אַמאָליקע ירושלים! און ווייל אַזאַ לומדישע יוגנט האָט אַזוי שווער מיט אַזויפיל קנאות אויסגעראָטן און באַשטריטן די תאווה, האָט דער יצר־הרע, צו להכעיס אַלעמען, געקערט וועלטן, געבערענט און געריסן דעם גוף און די נשמה... אַי, אַי, יענע גיריקע תלמידי־חכמימדיקע גופימ־לעך, אַ, זאָל מיר זיין פאַר זיי און זייערע לעבנס!

וואונדערט זיך נישט, איר יקום־בעמבעס, אפּיקורסים, ימח־שמוניקעס (געזונט זאָלט איר מיר זיין ווי מיינע קינדער און קינדס קינדער), איבער דער מידה פון צניעות אין יענע יאָרן, וואָס איז אָפּגעהיט געוואָרן מיט פלאַמפייערדיקער קנאה.

„צניעות דערשטיקט דעם יצר־הרע און פאַרטרייבט די תאווה" — האָט טענדער אַרויסגעזונגען מיטן נגידישן ניגון פון יענעם מטיף, וואָס האָט די דאָזיקע פערלדיקע מימרא פאַרפּאַסט, — „היט די צניעות!"

אָט איז זי נכשל געוואָרן, די באַשמעקטע רייזעלע, די בעל־גאוהטע, וואָס האָט געטריבן פון זיך די שדכנים פון אַלטשטאָט, ווי מ'טרייבט זלידנע פליגן אַ שבת־נאָכמיטאָג ביים דרעמלען. זי רייזל האָט געוואגט, ס'איז געווען אין יאָר תרנ"ט, בלייבן אויג אויף אויג מיט אַ מאַנצביל,

א ציוניסט, אן אפיקורס אינמיטן העלן טאג, אז פארבייגייער זאלן עס כמו בעיניהם זען. אזא אומגליק!

האט זיך א רודער געטאן אין די בתי־מדרשים, ישיבות און שטיב־לעך. ס׳האט א שטורעם־געטאן אין אלקערלעך, באלקאנדלעך, כוכלים, פאלישן און ווינקל־גאסן. ס׳איז אוועק א געמורמל, וואס האט זיך צעגאסן אין א גערעדעריי און פלאפלעריי פון יאטקע — ביזן בית־דין־שטוב. ס׳האט זיך א פייער צעצונדן אין ירושלים. רייזעלע האט צעבראכן אלע מחיצות, וואס אזויפיל גאטספארכטיקע מוסרניקעס און מגידים, מטי־פים, מיט אזויפיל הייליקע ספרים האבן אויפגעשטעלט צווישן יצר־הרע — און דער לומדישער יוגנט און באלעבעסלעך, זיידענע בחורים וכדומה. ס׳האט זיך צעשפיקט די זינדיקע תאווה, פארקראכן טיף ביז אינעם מאוך פון די ביינער. ס׳לערנען איז קיין לערנען נישט געווען, ס׳שאקלען איז קיין שאקלען נישט געווען, ווייל איבער די שטענדערס קראצנדיק בערד־לעך און פאות און מכלומרשט זינגענדיק דעם „אי־יאי״יאי — רבי אביא״ — האט מען געהאלטן אין אויסמוחן וואס רייזעלע האט זיך געטראכט, בעת זי איז געשטאנען מיטן אפיקורס? וואס האט רייזעלע גערעדט? וואס האט רייזעלע געזאגט דעם ציוניסט דעם ימח־שמוניק?״ וואס, וואס? האבן זיי אויסגעזונגען פארשטיקט אין טמא־געמאכטן גמרא־ניגון, וואס?

תאווהדיקע בטלנים און ווויל־לערנער האבן זיך ווילדער און האס־טיקער געשאקלט איבער די שטענדערס: אי־יאי־יאי־יאי — — דער יצר־הרע: איז מלא־עלמדיק געווארן, נישט צו פארטרייבן מער פון דער אל־טער פרומער שטאט ירושלים. רייזעלעס ציטערדיקע דמות איז נישט אנטרונען פון די צערייצטע פרומע געמיטער. ביז, ביז די אלטע בייזע גרוים־ברעמענדיקע גבאים און הייליקע רבנים צוזאמען מיט די ראשי־הישיבות, א גאנצער סנהדרין האבן זיך עצה־געהאלטן״, און סענדער האט זיך גוט, קרעפטיק אנגעשמעקט מיט א שטארקן עולם־הזהדיקן קיצלדיקן טאבאק, און אויפגערעגט, מיט א שטארק קול וווייטער דערציילט:

„די דאמבע האט געפלאצט פרייטיק נאכמיטאג (כ׳געדענק עס ווי היינט). אלע גאסן און געסלעך פון אלט־שטאט זיינען פול געווארן מיט צעהיצטע, צעגליטע יידן, יונג און אלט. מ׳האט געטומלט און גערעשט: הא־א־א־א.

...אט פירט מען זי, די זינדיקע רייזעלע, די חצופה, וואס האט צע־בראכן די געמיטלעכקייט אין דער הייליקער שטאט ירושלים. אט־אט, שלעפט מען זי פאר די האר איבערן ברוק: „חצופה, טפו, טפוי, חצופה, אויסגעלאסענע״ — האט געברילט דער המון; „חצופה, סט׳פוגע געווען, באליידיקט, געלעסטערט דעם גוטן נאמען פון דער צניעותדיקער ירושלימ־דיקער יידישער טאכטער״. אט־אט פירט מען זי, אט שטויסט מען זי, אט

ווארפט מען זי פון איינעם צום צווייטן, אַט רייסן זיך תאוההדיקע, הונגעריקע פרומע הענט אַ כאַפּ צו טאָן, אַ דריק צו טאָן, אַ שטויס צו טאָן, דעם זינדיקן גוף — — — אַט זע איך זי, די ציטערדיקע רייזעלע אין שרעקלעכסטן מעמד, ווי פאַר מיינע אויגן שטייט זי, מען שלעפּט זי פאַר די האָר (סאַראַ האָר!). דאָס קליידל פאַרשאַרצט — אַט ליגט זי אויפן ברוק, אַט זעט מען אירע פיסלעך, אײ־אײ, וואָס פאַר אַ בלענד־ווייסקייט ס'רייסט זיך אַרויס פון צעריסענעם שפּאַנצערל, ווי די ווייסקייט בליצט, ברענט, צינדט ס'תאוההדיקע קהל — אירע קליידער צעריסן, און ווידער ווייסקייט, וואָס יעדער פּיצעלע גליט, שרפעט און צעפלאַקערט די פרומסטע, נישט געזעטיקטע תאוות, פון די אַלע אויסגעדאַווגטע, אויסגעתשובהטע צדיקים... קוקט, זעטיקט זיך מיט דער שאַנד פון אַ בת־ישראל, וואָס ייז אַוועק לתרבות רעה! („ראָע" האָט סענדער געזאָגט).

האַ־האַ־אַ־אַ, האָבן שוין ווייבער געריסן זייערע יונגע מאַנען און בנים פון גאָס אַוועק. נישט געווען מער קיין ווייסקייט, נאָר רויט, בלוי, שמוציק, צעבײַלט, צעריסן: „געט־זשע, געט־זשע אַהיים משומדים, די נכפה זאָל אייך טרעפן", האָבן ווייבער געשטויסן און געטריבן ווײַנענדיק זייערע בנים און מאַנען. „ס'איז פּרייטיק, פאַר ליכט צינדן"...

אָבער די באַשטריימלטע, באַקאַפּאָטעטע מענער און בנים האָבן געפייערט און געגאָסן גאַוועך אויף בערדלעך און גאָמבעס — ווי די נכפה, וואָס האָט זיי באמת געטראָפן, נישט אַוועקצורייסן פון גאָס, פונעם ברוק, פונעם דאָס — פונעם צלם אלהים — רייזעלע, די געוועזענע, די שענסטע פון אַלע טעכטער פון ירושלים..."

סענדער איז מיטאַמאָל פאַרשוויגן. מען האָט געזען, ווי ער האָט געציטערט און זיין פנים. ערשט איצט, 40 יאָר שפּעטער, האָט נאָך אויסגעדריקט און פאַרראַטן יענע צעשפּילטע נישט געזעטיקטע חיהשע תאווה פון המון.

סענדער האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן. מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און צעבראָכן געמיט האָט ער, ווי צו זיך אַליין, פאַרענדיקט:

„געבראַכט זי נישט טויט נישט לעבעדיק אין שול־הויף פון דער חורבה דרבי יהודה החסיד, מיט רציחה זי געריסן, ס'הייסט כלומרשט געשוירן און אָפּגעשוירן די שמעקעדיקע האָר, פאַרענדיקט צעפליקן אירע קליידער, אָנגעשפּיגן אין פּנים, און ווידער ווילד געשמיסן איר ציטערדיקן, צעבלוטיקטן, געלעסטערטן, נאַקעטן לייב, אַרויסגעשמיצט אויף דער גאַס, לויטן אָנגענומענעם מנהג פון דער אַלטער פרומער שטאָט ירושלים.

אַ פּאָר חדשים שפּעטער איז רבי צדוק געקומען צו קבורה. אַ יאָר שפּעטער זי — רייזעלע, די שענסטע פון אַלע יידישע טעכטער.

„זאָל עס בלייבן צווישן מיר און אייך, יאקים בעמבעם, כ׳היט איר יאָרצייט, מאַך אל־מלא־רחמים, כ׳זאָג קדיש מער ווי דרייסיק יאָר (צייט מיינע זעליקע עלטערן זיינען נסתלק געוואָרן) און ווען כ׳האָב מער מוט, וואָלט איך דעם שטיין באַנייט און פאַררינכט, אָבער...״

און אַז דער זייגער האָט געקלונגען איינס, האָט סענדער, ווי אויס־געלאָשן, איינגעדאַרט, צוריק געקלעטערט אויף דער רושטעוואַניע. אין דער לופט האָבן פייגל געזונגען, די זון האָט זיך געפרייט אין וואונדער־באַרן תכלת פון הימל און אַרום האָט געלעבט, געראַוישט און געצאַפּלט די ווייט צעשפּרייטע נייע שטאָט ירושלים פון יאָר ת״ש.

# הײשעריק

חוץ די פּאָר אויסגעדרייטע שיך מיט די טראַנטעס אויפן ליב, האָט יודל מיטגעבראַכט מיט זיך אין ארץ ישראל אַן אויסגעקריצטן נומער אינעם לייב פון רעכטער האַנט, וואָס ציילט אין די צענדליקער טויזנטער צוזאַמען מיט אַ קליין דרייעקל פון אונטן.

מען קען נישט זאָגן, אַז יודל איז געווען אַ באַריידעוודיקער, ביי אים איז אַ וואָרט אַ רענדל, כאָטש שכנים פלעגן נישט זעלטן באַמערקן ווי ער כאַפּט אַ שמועס מיט זיך אַליין, עס איז אָבער קיינעם נישט געראָטן אַזאַ שמועס אויפצוכאַפּן, ווייל זיינע טענות צו זיך זיינען געווען בלחש, מ'האָט נאָר געזען ווי די ליפּן באַוועגן זיך ציטערנדיק ווי צו אַ תפילה זכה, און געוווּסט האָט די קאָלאָניע אַז אינעם אויסגעקריצטן נומער מיטן דרייעקל פון אונטן, ליגט אַ מאָוויימדיקער סוד פון אַן אויסגעבראָכענער יידישער משפחה, אַ ווייב מיט קינדער מיט אַ חיים, מיט אַ שטאָט מיט אַ גאַנצער עדה יידן, פּשוטע האַרציקע יידן, ערגעץ אויף די קרעסן.

געקומען איז יודל אין לאַנד ווי אַ מעפּיל דורך די טויערן פון גהינום. זעט איר, זיין קומען אין ארץ ישראל איז שוין גאָרנישט געווען קיין סוד, זיין קומען און זיין באַשטייגן דאָס לאַנד פון אברהם, יצחק ויעקב איז באַגלייט געווען מיט דונערן, מיט רעש און מיט שטורעם, און איז איינגעקריצט געוואָרן אין די דברי הימים פון דער נייער צייט מיט קלאָרן לויטערן בלוט פון יידישע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן פאַר יודלען דעם וועג געבאַנט.

ווי מענטשן מיינען, טענהט זיך יודל אוים מיט זיך אַליין בלחש, נישט אַזוי וועגן יענעם מאָוויימדיקן נעכטן פון אויסגעקאַרטשעוועטן דאָרטן, נאָר טאַקע וועגן דעם היינט, וועגן די טעג פון זיין באַטרעטן דאָס לאַנד פון אברהם, יצחק ויעקב.

אַזאַ ייִד ווי יודל קען שוין נישט נתפּעל ווערן פון מענטשלעכער רשעות נאָכדעם ווי ער טראָגט דעם נומער מיטן דרייעקל אויף זיין רעכטער האַנט, ער קען נישט נתפּעל ווערן, ניין, אָבער ער וויל עס פאַר־

שטיין, באַנעמען, מעגלעך, ווען ער זאָל נישט זיין אַזוי איינגעשלאָסן אין זיך, און ווען ער פּרובירט זיך אַדורכריידן מיט אַן אייגענעם, מיט אַ שכן, אָדער אָנטאָן די שפּאָקולן, וואָס גוטע ברידער האָבן אים דאָ איינגע־האַנדלט, און אַריינקוקן אין אַ טאָג בלאַט, וואָלט ער אפשר עפּעס יאָ באַ־נומען, אָבער יודל מיידט אויס געשפּרעכן, מחמת מענטשן זיינען זיך נוהג גיריק אויספרעגן זאַכן, וואָס ליגן טיף אַריינגעברענט אין די צי־פּערן מיטן דרייעקל פון זיין רעכטער האַנט, ער קען אויף דעם נישט ענט־פערן, ניין, ער קען נישט, און פון לייענען טאָג בלעטער איצט קען קיין רייד נישט זיין, ווייל דאָס וואָס פאַר אונדז זעט אויס ווי געדרוקטע ווערטער אויף פּאַפּיר, ווערטער פון טוש, זעט עס פאַר יודלען אינגאַנצן אַנדערש אויס, די ווערטער זיינען פייער, דאָס בלאַט־פּאַפּיר — אַ פעלד מיט יידן אַש, דאָס טוש — בלוט, און דאָס וויל יודל פאַרטרייבן, פאַר־גראָבן, לאָז עס שוין ליגן אונטערן נומער, פאַרחתמעט, מי יודע, אפשר וועט נאָך קומען אַ טאָג פון חשבון, מי יודע?

יאָ, אויב יודל האָט מיט זיך אָפּגעמאַכט צורו לאָזן דעם נעכטן, טאָ לאָמיר האַלטן מיט אים צוזאַמען זיין סוד, אלא דאָס וואָס אַלע ווייסן יאָ, קען מען דאָך נישט אויסבאַהאַלטן ובכן: יודל האָט געהאַט מזל צו קו־מען מיט די ערשטע מעפּילים־שיפן, נאָך אין יענער תקופה, ווען דער בריטישער פּלאַט איז נאָך נישט געווען אַזוי געניט אין זיינע יידן־אַרגיעס, דעמאָלט האָבן אים יידישע זעלנער פון ארץ־ישראל אויסגעזוכט ערגעץ אין אַ פאַרלייזיקטן קאַצעטישן שטייג — אַ הויפןביינער מיט אַ ברוד־נער געלבלעכער הויט, וואָס האָט זיך געצויגן ווי גומע, זיי האָבן אים איינגעוויקלט אין זעלנערשע קאָלדרעס, געבראַכט אין אַ שפּיטאָל, ווו מען האָט אים לכתחילה אויסגעלערנט עסן, געשטעלט אויף די פיס און, און אַזוי לאַנג מיט אַזויפיל באַרימהאַרציקייט און געדולד געבאַדערט, ביז ער איז צו זיך געקומען. נאָכהער האָט מען אים אָנגעטאָן געניצטע אַמערי־קאַנער בגדים, וואָס זיינען אויף אים געהאַנגען ווי אויף אַ הענגער און מען האָט אים אַזוי לאַנג אַרומגעפירט צווישן בערג און טאָלן, ביז מען האָט אים געבראַכט אויף אַ שיפל פראַפּן פול מיט יידן און אַוועקגעפירט קיין ארץ ישראל.

נאָר אומגלויביקע גלויבן נישט אין ניסים און נישט אין דער שכינה, יודל גלויבט יאָ, וואָרום ווי געשיקט זיך עס אַז אָט לעבט ער, אָט גייט ער אַרום, ער אָטעמט, ער עסט, ער אַרבעט און טראַכט, ווי קען דאָס גע־מאָלט זיין אָן ניסים?

אָט טראַכט ער שוין איבער צום וויפלטן מאָל, יענע ווילדע און שרעק־לעכע האַרבסטיקע נעכט אויף דער שיפל, דאָס פיצל שפּילצייג אין צע־

בושעוועטן כיסלוודיקן ים, ווי אזוי איין כוואַליע האָט איר געשליידערט צו דער צווייטער אזוי פיל טעג און נעכט, ביז די לעצטע כוואַליע האָט, אָט די שיפל מיט דער ייִדן־לאַדונג אַ זעץ אַוועק געטאָן אויפן זאַמד צוויי־שן קאַראַל פעלדזן ביי דער קאָלאָניע מיטן ווייסן וואַסער־טורעם אין צפון ארץ־ישראל און געגוג!

אָדער ס׳גיט זיך אַ טראַכט: ס׳דערמאָנט זיך אינעם ייִדישן שייגעץ מיט דער האַרמאָשקע צוגעקלעפּט צום מויל, מיט די פּריילעכע ברוינע אויגן, וואָס האָבן פול געמאַכט ס׳גאַנצע שיפל, ווי עפּעס אַ רוח, ווי עפּעס אַ וויכער, און ווי זאָל ער פאַרגעסן יענעם נאָכמיטיק, בעת מען האָט דעם „שייגעץ" צוגעבונדן מיט אַ שטריק, אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ בלעך ווייסן פאַרב, אין צווייטן — אַ פּענדזל און די האַרמאָשקע צווישן די ליפּן, דער ים האָט די שיפל געשליידערט ווי אַ שפּינדל, און דער יונ־גאַטש, ווי גאַרנישט, האָט שפּילנדיק אויף דער האַרמאָשקע — פּימש נאָס, בלוי פון קעלט לאַנגזאַם אויסגעצאַצקעט אויף איר ברוסט ביים אַנ־קער אין לויטערן לשון קודש:

— „ח נ ה ס ע נ ע ש"

און אָט ווידער אַ נס: ווי נאָר דער לעצטער „שין" איז אויסגעמאָלט געוואָרן אויף דער ברוסט פון שיפל, איז ווי דורך אַ כישוף שטיל געוואָרן דער ים, דער שטורעם איז אַרויף צום הימל, צורו געלאָזן די וואַסערן, און מיט עטלעכע פּייפּיקע בלאָזן צעשניטן און צעפּיצלט די כמאַרעס, כדי אַ מחיהדיקע זון זאָל אַרויסשיינען אויסצוטריקענען די נאַסע פאַרב.

דעמאָלט האָט יודל צום ערשטן מאָל געהערט די מעשה מיט דער בילד־שיינער חנה סענעש, אַ ייִדישע טאָכטער, געבירטיק אין דער עיר הבירה פון די מאַדיאַרן, וואָס האָט אויפגעבליט און צייטיק געוואָרן צו־זאַמען מיט אַלע בלומען אין ארץ־ישראל, ווי אזוי זי איז אַוועק דינען אין מיליטער, געוואָרן אַ זעלנער מיט דער כוונה זיך צו דערשלאָגן צום בלו־טיקן מאַדיאַרן־לאַנד, אַרויסראַטעווען יידן פון קרעציקע גויאישע תלי־נים, זיי טרייסטן מיט דער בשורה פון ארץ־ישראל, זיי מונטערן און אַרויסהייבן פון געפאַלנקייט... ווי אזוי דאָס מיידל האָט זיך אויסגעלערנט פליען אויף עראָפּלאַנען... ווי אזוי זי איז נאָכהער פון הימל געשפּרונגען מיט אַ פּאַלשירעם אין די מאַמע פלאַמען אריין פון נאַצישן גהינום, וואָס זי, די ייִדישע טאָכטער) האָט דאָרטן אַלץ געטאָן און אויפגעטאָן, ביז די רוצחים האָבן זי געכאַפּט און אין תפיסה פאַרשפּאַרט. ער האָט געהערט ווי אזוי זי איז מיט אַ פאַריסענעם קאָפּ מוטיק אַקעגן געשטאַנען די רערן פון די ביקסן, זי האָט מיט ביטול צום טויט אַריינגעשפּיגן די תליונים

אין זייערע טריפהנע פּרצופים, און מיט א אויסרוף „עם ישראל חי!", אייגעזאַפּט די לאַדונג בליי, זי איז אין דונער אַוועק אין דער אייביקייט און איר תּייליק בלוט האָט גיריק פאַרשלונגען די קרעציקע מאַדיאַרישע ערד — — — —

כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! זיי האָבן איר געקאָנט דערמאָרדן אָבער נישט איר אייזערנעם ווילן צו ראַטעווען יידן, וואָרום אַט איז זי דאָך דאָ, אַט לעבט זי חנה סענעש, און דערפירט אַט די יידן־לאַדונג זיכער צו די ברעגעס פון ארץ־ישראל.

יודל געדענקט די לעצטע נאַכט אויפן ים, ס'איז געווען ניטל נאַכט, ער זעט זיי כסדר די יידן פון דעם שיפל, ווי זיי ליגן אַלע אין א קנויל רוּקע, ווייל זיי זיינען זיכער געוואָרן אַז אויך חנה סענעש פירט די שיף, וועט זי איר דערפירן צום ברעג.

ווי זאָל יודל פאַרגעסן דעם וווּנדער, ווי אַזוי פון וואַסער אַרויס זיינען אויסגעוואַקסן אַזויפיל יידישע בחורים מיט מיידלעך, ווי אַזוי איין טייל ביזן האַלדז אין ים, האָבן מיט זייערע גלידער, מיט זייערע לייב און לעבנס אויסגעפלאַכטן אַ לעבעדיקע בריק, בעת אַ צווייטער טייל האָט זיך ווי אַ וויכער, מיט שטריק, געוואָרפן צו דער שיף און אַלע יידן אויף די הענט אַראָפּגעטראָגן אויף דער יבשה געזונטערהייט.

***

דער פאַרלויף פון יענער נאַכט האָט אַריינגעבלאָזן אַ רוח־חיים אין יודלס ביינער; אויב אַזוי איז כדאי צו לעבן, און צוזאַמען מיט אַלעמען האָט ער ציטערנדיק פון קעלט פאַרצויגן דעם ניגון פון „עוד לא אבדה".

„אַט לעבן דאָך יידן, אַזעלכע טייערע יידן, ו י ל איך און וועל אויך לעבן". און יודל איז טאַקע ווידער געבוירן געוואָרן יענע ניטל נאַכט.

אַפריער האָט מען אים צוזאַמען מיט נאָך יידן, וואָס האָבן זיי אַוועקגעגעבן זייערע לעצטע טרוקענע בגדים, זייערע געלעגערס און זייער עסן. ס'איז וואַרעם געוואָרן אויפן הארצן, כאָטש וויין זיך פונאַנדער: ס'האַרץ, דאָס פאַרפרוירן פאַרשטיינערט האַרץ האָט גענומען לאָזן און טייען ווי פון פראָסט, און דאָ טאַנצן אַרום דיר פריילעכע האַרציקע בלאָנדע יידישע קינדערלעך, וואָס פּלאַפּלען און צווישטשערן ווי פייגל: „דוּוד", דוּוד"... וויפל יאָרן יודל האָט קיין לאַבעדיקן געזונטן לעבעדיקן יידישן קינד נישט געזען... צאַפּלט ס'האַרץ אַ רגע פון פרייד, ביז אַזאַ קוועקזילבערדיקער יאַטל כאַפּט אים, יודלען, פאַרן האַנט און טייטלט אויפן נומער:

— דוּוד, דוּוד, מה זה?

פאַרדרייט זיך בליץ גיך יודלען דער קאָפּ, ס'ווערט פינצטער פאַר

די אויגן, ער דערפילט א שווערד אין הארצן, ס'קנוילט זיך א נעפל פאר די אויגן, פונעם נעפל שפארן פלאמען, און פון די פלאמען אזויפיל הילפ־לאזע יידישע קינדערשע הענטלעך... דערקענט ער די הענטלעך פון זיינע...

שטייען ארום אים, דארטן אין יידישן דארף, די גוטע מענטשן און פארשטייען נישט, וואס איז די אייגעניש, ס'געלויף, „וואס לויפט איר ר' ייד?"

אפשר האבן מיר אייך מיט עפעס נישט גוט געטאן, ר' ייד, „וואס איז ס'לויפן ר' ייד?"

ער איז אנטלאפן, און געקומען אט אזוי ווי ער שטייט און גייט אין שטאט נישט צו וויסן אפילו צו וועמען, אבער אין ארץ־ישראל גייט א ייד נישט פארלוירן. א פשיטה מיט א נומער אויף דער האנט, ס'זיינען אומעטום פאראנען גוטע ברידער „עמך", היימישע און שטעטלשע, אי־בערגעלאדן מיט אחווה און אהבת ישראל.

מען קען נישט זאגן, אז דארטן איז יודל געווען א פארוויינטער, און צו יענעם, אין אזא און אין אן אנדער ביורא, ווו א טיש צו קלאפן איז ברוך השם אויך פאראנען, ביז מען האט יודלען געגעבן א היים מיט ארבעט.

מען קען נישט זאגן, אז דארטן איז יודל געווען א פארוווינטער, חלילה! דארטן איז יודל געווען א „מענטש" אין א טארטאק, ווו ער האט זיין ברויט כשר פארדינט, א „מענטש" אין א יידישן טארטאק מיינט טאן אלע מלאכות, דארף מען אנשטעלן א גאטער, שטעלט מען אים אן, דארף מען שלייפן זעגן, שלייפט מען זיי, דארף מען סארטירן קלעצער, סארטירט ער, און אז א פענדל אדער קרייץ זעג ווערט געניזוקט, ווייס דער „מענטש" ווי זיי צורעכט מאכן, און אז קונים זיינען דא, און ביי גויים איז חגא און זיי קומען נישט צו דער ארבעט, פוילט זיך נישט דער „מענטש" העלפן די בעל־עגלהס אנלאדן און אפלאדן וועגענער מיט שליטנס געהילץ.

אזא מענטש גייט נישט אין ניוועץ אין ארץ ישראל, אפילו נאכן אפריכטן גהינום, דעריבער האט מען יודלען אומעטום וויליק צוגענומען צו דער ארבעט, און יודל האט זיך באמיט צו ארבעטן עד ככלות הנשמה, ער האט געלאדן שיפן, געשפליטערט שטיינער, געגראבן קאנאוועס, גע־פלאסטערט גאסן און געגאסן בעטאן, ווארום וואס מער יודל האט זיך פארכלינעט אין דער ארבעט, האט ער אלץ וויניקער געקאנט טראכטן פון נעכטן און פונעם ברענענדיקן נומער מיטן דרייעקל פון אונטן אויס־געקריצט אינעם לייב פון זיין רעכטער האנט.

אזוי האט יודל געוויקלט טעג און וואכן ווי אין א קנויל, ס'האט זיך אויסגעדוכט אז דער שר השיכחה נעמט אים גובר זיין ביז, ביז יענעם

געדענקלעכן שווארצן מיטוואָך ווען דונערן האָבן זיך צעקייקלט איבער יענער צפון שטאָט פון ארץ־ישראל און אָנגעהייצט געמיטער אין גהי־נומס.

— .2 —

יענעם טאָג איז די זון אויפגעגאַנגען ווי געוויינלעך: אַ גרויסע פייערדיקע ראָד פון אונטער די בערג פון גליל אַרויס. פריער האָט זי זיך ווי פאַרגנבעט אום אַ בליק צו טאָן פון אויבן אַראָפּ אויפן הייליקן לאַנד, און אַז זי האָט געזען, אַז דערווייַלע איז אַלץ היינט ווי נעכטן, האָט זי צעצונדן דעם גאַנצן מזרח און אים גענומען וואַשן אין פלאַמען, זי איז אַ ווייַלע ווידער שטיין געבליבן אויסצוהערן די פרימאָרגנדיקע שירה פון די פייגל און שפרינגער אויף די נאַקעטע תמוזדיקע פעלדער, ערשט נאָך דעם אַלעמען, איז זי אַפּערגעשווומען פון די פלאַמען אַרויס אַ געלייטער־טע און פּאַמעלעך גענומען שטייגן אין דער הויך כדי צו מאַכן דעם גע־וויינלעכן מעת לעתדיקן שפּאַציר פון די בערג פון גליל אַרויס צום ים־צו, אַרום דער וועלט, און צוריק.

יענעם פרימאָרגן איז יודל אַראָפּגעשפּרונגען פון געלעגער ווי שטענ־דיק, מחמת געוווינהייט אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער, בחיפּזונדיק אַרייַנגע־לייגט ס'ברויט מיטן גרינס מיטן העננל ווייַנטרויבן אין הילצערנעם קעסטל, אַוועק צו דער אַרבעט אויפן נייַבוי פון בנין, ווו ס'האָט אויף אים געוואַרט אַ שווערער טומלדיקער טאָג, מען האָט געזאָלט גיסן אַ דאַך אויף אַ לעצטן שטאָק.

געמאַכט האָט זיך אַנדערש. שוין אונטערוועגס האָט יודל באַמערקט אַז די גאַס איז עפּעס אַנדערש ווי תמיד: רעדלעך מענטשן אויף שריט און טריט, האַלב געעפנטע קלייטן, נישטאָ די שלאַנגען אַרבעטער ביי די אויטאָבוסן, ס'הענגט עפּעס נישט גוטס אין דער לופטן. ביים בייַן שטייען די אַרבעטער מיט נישט צענומענע רענצלעך און קעסטלעך, יודל זעט אַ כמאַרע איבער זייערע פּנימער, ער זעט ווי פּויסטן ביילן זיך ווי פון זיך אַליין, ער ווערט געוווּיר אַז היינט וועט מען שוין אין דער שטאָט קיין דעכער נישט גיסן, היינט וועט די בעטאָן מאַשין פּראַווען שבת, וואָרום נעכטן נאָך אַ האַלבער נאַכט האָט דער בריטישער „מעדיטעראַניען” פּלאַט געבראַכט אויפן בוקסיר אַ דערהרגעט קליין שיפל מיט אַ גרויסער ייִדן־לאָדונג פּליטי חרב פון קרעציקן דייטשן לאַנד, און ווי מען איז גע־וווּיר געוואָרן וועט מען די ייִדן נישט לאָזן באַטרעטן דאָס לאַנד, אלא מען וועט זיי איבערלאָדן אויף אַ תפיסה שיף, אויף אַזאַ שווימענדיקן קאַצעט און אַוועקשלעפּן אויף אַ אינדזל נאָך נישט צו וויסן אויף וועלכן, ווייל

נאָך נישט געזעטיקט איז די גויאישע רשעות מיט יִדישע יסורים און יִדיש בלוט.

שטייט ער יודל א צעחושטער אינעם געזעמל און זעט ווי די גאסן קוועלן אָן מיט צאָרנדיקע יִדן, אַלט און יונג, קינד און קייט, ביז עס ברילט זיך פונאַנדער א גרילצנדיקער פּאַנצער מיט א בלעכענער בילעריי:

„אָצא — עוצר — אָצא — עוצר".

שטייט דער עולם געפּלעפט אין צאָרן וואָס ברענט ווי א פייער, מען רירט זיך נישט פון די ערטער אָבער נאָכדעם ווי ס'האָבן זיך צעבראַזגעט גאַנצע סטאַדעס טאַנקען ווי פון אונטער דער ערד אַרויס, און די פרימאָרגנדיקע לופט איז פאַרסמט געוואָרן מיט א שיסעריי, האָט זיך דער עולם פאַרשטופּט אין די געשעפטן און הייזער.

„אַ כאָליערע אין זייערע טריפענע ביינער אַריין" — האָט א יִד אויפן גאַס בקול היימיש געשאָלטן זיך באַקערנדיק צו יודלען:

— „וואָס וואַרט עץ, וואועס?"

דער יִד איז אַוועק און יודל איז שטיין געבליבן איינער אַליין אין דער ליידיקייט, און דער נומער אויף דער האַנט האָט אים מיטאַמאָל גענומען ווייטאָן ווי צען געשווירן, אָט ווי יענעם פרימאָרגן נאָכדעם ווי מען האָט אים די ציפערן מיט א נאָדל אין מוש, פינטל נאָך פינטל אַריינגעקריצט אין לייב אַריין, דאָרטן, אין יענעם דאָרטן, וואָס איז מיטאַמאָל אַזוי נאָענט געוואָרן אָט־דאָ צו דער גאַס, דער געבראַזג פון טאַנקען, דאָס טופּען פון שווערע זעלנערשע שיך, ווי זיי וואָלטן נישט געטופּעט אויפן ברוק נאָר אויף זיין קאָפּ: — טופּ, טופּ, טופּ. יודל האָט א זיפץ געטאָן בעת א שטאַרקע מענטשנכע האַנט האָט אים שנעל אַריינגעצויגן אין א געשעפט און פון א געשעפט אין א יידישער היים ווו די מענטשן זיינען שטום געשטאַנען אין אַן עק ער קיך, און די קינדער זיינען געזעסן ווי צעשראָקענע פייגל אין א ווינקל נישט אָנרירנדיק די אָפּגענוצטע שפּילצייג פון דיל.

דער דרויסן האָט געדונערט מיט בראַזגענדיקע כלי רכב מיט שאָסן מיט א יללה און ברומעריי פון עראָפּלאַנען, וואָס האָבן געווילדעוועט איבער די דעכער ווי מטורפים, כדי צו רייסן און צו זעגן געמיטער און געשפּאַנטע יִדישע נערוון.

אַוועק אַזוי א פּאָר צעצויגענע שעהען, ווי יום כפור אין דער הפסקה צווישן מנחה און נעילה ביז ס'האָט זיך צעקייקלט א געשריי פון אַרום און אַרום, פון דעכער און געהעפטן:

— „יהודים! יִדן ברעכט דעם עוצר!

— אַלע אין גאַס, אַלע צום האַפן ראַטעווען ברידער!

— לאָזט נישט פאַרטרייבן יִדן פון לאַנד!

— יהודים!

איז יודל אַרויס אין גאַס צוגלייך מיט אַלעמען און געזען האָט ער ווי פון אונטער דער ערד אַרויס וואַקסן שורות נאָך שורות ייִדן, אַלטע, יונגע, קינד און קייט, געמישטע מיט יונגען ווי דעמבעס און זקנים מיט בערד וואָס האָבן געטראָגן אַ פּלאַקאַט: „שמור שארית ישראל!"

מאַמעס מיט זין, ברידער און שוועסטער, וואַקסן און שטראָמען די שורות אויף צעגליטן אַספאַלט און צעגיסן זיך ווי גליאיקע לאַווע פאָרויס, פאָרויס צום האַפן.

קיינעם גייט נישט אָן די שאָסן אַרום ביז ס'רייסן זיך אַריין טאַנ־קען אין די שורות, ס'ווערט אַ בהלה אויף אַ רגע און יודל זעט עפּעס אַזוינס, ווי ס'וואָלט זיין אַ ווייטער חלום: — מען שפּרינגט אַריבער די טאַנקען מיט פאַרבלוטיקטע גלידער און מען שפּאַנט ווייטער פאָראויס ביז מען בלייבט שטיין פאַר אַן אייזערנער וואַנט פון שטעכעדיקע דראָטן אויסגעפּיקעוועט מיט פּיסקעס פון אויטאָמאַטישע כלי משחית, וואָס הויבן זיך גולמיש אויף אין דער הויך און פייערן צום הימל: איינמאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל, ראַך — טראַך, — טראַך...

און אָט שלעפּט אים יודלען, דער שטראָם אויף צוריק מיט אַ שטור־מישן פייער געזאַנג, ער גייט און זינגט מיט, ער זינגט און ווייס נישט וואָס, נישט ער זינגט נאָר ס'זינגט צאָרנדיק פון דערין אַרויס, צו ווע־מען?

און אָט זעט יודל ווי ס'גייען אַקעגן נייע שורות ייִדן, ייִדן אָן עין־הרע אַזויפיל, צאָרנדיקע ייִדן, פאָראויס אין דער שפּיץ אַ ייִדישע טאָכ־טער שלאַנק ווי אַ טייטלבוים אַ שיינקייט — צום פאַרכאַפּן, און הינ־טער איר אַ ייִדישע מאַמע, דער מיידלס מוטער צעפלאַמט ווי איר טאָכ־טער. מיט פלאַמעס גרויע האָר צעפלאַמטע ווי פאַנען מיט אַ רענצל „ערשטע הילף" אויפן זייט מיט רויטן „מגן דוד" אין מיטן; דאָס זאָל זיין פאַרשטאַרקונג פון אַ ווייטן קוואַרטאַל.

ווידער אַ גערודער און סקריפּעריי פון אייזערנע כלי רכב־באַזעצ־טע מיט נייע געוואַשענע פאַרשוויצטע זעלנער ווי פליגן. רייסן זיך אַריין די אייזערנע וועכטער מיט אַ געבראַזג אין די שורות: טראַך, איין מאָל, צוויי מאָל, טראַך צום דריטן מאָל, נישט אין הייל נאָר אין ייִדישן לייב.

...אָט ליגט זי די פאַרשווינטע אויפן ברוק אין איר ווייסן קלייד מיט אַ צעריסענעם פּאַה... רייזלט איר יונג מיידלש ייִדיש בלוט אויפן שמוציקן אַספאַלט און קודלט אירע שוואַרצע, פּעך־שוואַרצע לאָקן, און פאַר איר קניט די פרוי. איר מאַמע מיט וואַטע און בינטן, זי מורמלט עפּעס, זי ווישט און גלעט ציטערדיק דעם טויטן נאָך וואַרעמען שטערן, דעם שטערן

פון איר איינציק קינד, וואָס האָט אָקאָרשט געלעבט, זי ווישט און גלעט איר און מורמלט: אביגיל...

„אביגיל, מיין קינד"...

איז יודלען פינצטער געוואָרן אין די אויגן: „ווידער בלוט!" ס'האָט זיך אים א טומל געטאָן אין דרין, ס'האָט אים א היץ א שפּאַר געטאָן צום קאָפּ, ס'האָט זיך אים פאַרגלוסט זיך צעברומען און צעשרייען, שרייען הויך און ווילד ווי אַ חיה, זיך וואַרפן און שפּרינגען און רייסן און שרייען און שרייעעען...

צוויי און פערציק יונגען האָבן אים קוים געצווימט און מיט כח אריינגעשלעפּט אין אַ יידישער היים דערנעבן, ווו מען האָט אים מיט עפּעס ברענענדיקס, שאַרפס אָנגעטרונקען, נאכהער געריבן דאָס פּנים מיט אייזוואַסער, און אַז ער איז געקומען צו זיך און זיך ארומגעקוקט האָט ער דערפילט ווי ס'גלעטן אים רחמנותדיקע טיפע גרויסע יידישע אויגן, דערטרונקען צו ווערן אין זיי פון צער.

די מענטשן האָבן אים נישט אָפּגעלאָזן, זיי האָבן גערעדט צו אים און צו זיין נומער אויפן האנט זיי האָבן אַזוי לאַנג געמענהט ביז עס איז צוגעגאַנגען אַ יידיש קינד, אַ יינגל פון אַ יאָר 13, גענומען זיין האנט און דבקותדיק, פּאַרכטיק, אַ פרומען קוש געטאָן אין גליאיקן נומער מיטן קליין דרייעקל פון אונטן. אַזאַ פרומען לויטערן קוש, ווי ער האָט דאָס געטאָן אינעם של ראש פון די תפילין, פאַרן ערשטן אָנפּאַס.

אָט דער קוש האָט אַ ברי געטאָן זיין פאַרפרוירן, פאַרשטיינערט האַרץ, עס איז אים וואַרעם געוואָרן ביז צום וויינען, און פון יענעם טאָג אָן האָט ער צוזאַמען מיטן נומער אויפן האנט הייליק געטראָגן דעם פרומען קוש פון יידישן יינגל.

מער האָט מען יודלען נישט געזען אין שטאָט, ער איז אוועק.

ער איז אוועק, ווייל ס'איז אים ס'חיות פאַרגאַנגען, זיין גאַנץ לייב און לעבן האָט געלעכצט נאָך מנוחה.

צו מאָרגנס האָט אים אויפגעזוכט די חברה פון בנין, און נאָכדעם ווי ער האָט זיי אויף זיין שטייגער אָפּגעהאַקט דערקלערט זיין ווילן, האָבן זיי אים נישט פרובירט אָפּריידן, אומגעקערט, זיי האָבן אים פאַרגונען די אויסגעבענקטע רו, און כאָטש עס איז נאָך געווען וואָסערע 5 טעג ביזן „תשלום", האָבן זיי פון זייערע קעשענעס אויסגעליינט זיין פאַרדינסט און שטיל אויף די שפּיץ פינגער מיט „שלום" פאַרלאָזן זיין צימער.

מען קען נישט זאָגן אַז יודל האָט זיך איבעריקס געהאַט צו פּאַרען מיט זיין רכוש, ער האָט אַלץ צונויפגענומען און אין געציילטע מינוטן אריינגעשטופּט אין אַ זעקל און אוועק בארג אַראָפּ, נישט צו טאָן אַ קוק אויף צוריק.

יודל האָט זיך אַ סך געהאַט אָנגעהערט פון די ארץ־ישראלדיקע קאָ־מונעס — די קבוצהס, נאָך פאַרן מבול אין דער געשטאָרבענער היים, ווידער אויפן שיפל האָבן יענע חברה באַגלייטער אויך נישט ווייניק דער־ציילט, וואָרום אַליין האָבן זיי זיך געלאָזט נענען: „קבוצניקעס" אָדער „קבוצהניקעס". זיי האָבן דערציילט פּילאי פּלאָים אין אַ דערהרגעטן ייִדיש, באַווירצט מיט אַ שלל העברעיִשע פּסוקים און ווערטלעך. יודל פלעגט זיי גיריק אויסהערן, און עס האָט זיך אים געדוכט, אַז אין אַזאַ קבוצה וועט ער געפינען זיין רו, סוף כל סוף האָבן די חברה דערציילט, אַז ביי זיי זיינען אַלע איין משפּחה „שלי" איז „שלך" און „שלך" איז שלי", ובכן אַזאַ עלנטער ווי ער איז, יודל, וועט אים געפעלן גלייך אריינ־פאַלן אין אַזאַ משפּחה, נישט ער איז גוטווייליק אַוועק אין שטאָט, אלא דער גורל האָט אים פאַרטראָגן, דערפאַר אָבער איצט ליגט שוין די ברירה אין זיינע אייגענע הענט.

עס האָט זיך ווידער אַנדערש געמאַכט! אויף דער אויטאָבוסן סטאַנציע האָט יודל באַמערקט אַ פאַרעלטערט, צערונצלט, ברוין געזיכט, אַזאַ באַקאַנטס ביז ווייטיק זיך נישט צו דערמאָנען ווער דאָס איז. האָבן זיך די צוויי ברוינע אויגן פאַרליינגט אויף אים, דורכצובויערן.

יודל האָט זיך דערפילט נישט באַקוועם, און אָפּגעווענדט זיין בליק אויף אַ רעקלאַמע אויף אַ וואַנט, וואָס האָט געצייגט אַ יונגאַטש אַ לאַכע־דיקן מיט אַ צעשויבערטע קודלע זשלאָקנדיק אַ לענגלעך גלאָז שוימיקע מילך. עס האָט אָבער נישט געהאָלפן, ער האָט ווייטער געפילט יענע אויגן ווי זיי בויערן זיין רוקן, ווי זיי וואָלטן אים געעגבערט ביז דרין אין דער נשמה אריין. עס האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן און אַן אויסגע־פּראַצעוועטע האַנט איז געפאַלן אויף זיין אַקסל.

— „הממ, סליחה, זייט מיר צען מאָל מוחל, הממ... אויב איך שטער אייך, צי זענט איר נישט אַמאָל יודל משהס פון טאַרטאַק"?

— יודל משהס פון טאַרטאַק?

— יודל, יודלס משהס, יודל משהס...

עפּעס האָט ווי ערגעץ פון זייער ווייט זיך געוואַלגערט אין יודלס געמיט: „יודל משהס".

עס האָבן זיך צעשאָטן אַ שלל קשיות, איינע האָט געיאָגט דער צווייטער; זיי האָבן זיך געשאָטן ווי קאָרן אויף מילשטיינער... יודל איז געשטאַנען פאַרגאַפט ווי אַ נישט דאָיִקער, און אין זיינע געהירן האָט זיך גענומען צעשפּילן יענע פאַרגעסענע סימפאָניע פון זעגן, פון נאַטערס, באַגלייט מיט גרילצן פון פענדל זעגן, מיט הוקען פון קלעצער: הוק־הוק־טוק; טוק, טוק, טוק... זיינע נאָזלעכער האָבן דערפילט דעם קיצלדיקן גערוך פון וואַלד, פון געזעגענעם האָלץ: הוק־הוק, טוק, און אַז ער האָט זיך

מעכאניש פארן קאפ געכאפט מיט דער האנט האבן יענע אויגן פון צע־רונצלטן ברוינעם פנים דערזען דעם נומער אויף יודלס לייב, איז אלץ פארשוויגן אזוי פלוצלימדיק ווי עס האט זיך צערעדט.

— דאס בין איך תנחום אייזיק קרופניקס פון וועלוול טשעסלערס גאס, מיר זיינען ביידע אין איין חדר געגאנגען.

— תנחום אייזיק קרופניקס פון וועלוול טשעסלערס גאס, יודל האט אים געדענקט, און זיך פאסיוו געלאזט ארומנעמען, זיי האבן זיך אנ־געקוקט און בלי אומר פארשטאנען.

— יודל, איצט פארסטו נישט אנדערשוואו, איצט פארסטו מיט מיר.

איז יודל מיטגעפארן. נאך אלעמען, וואס האט ער געהאט צו פאר־זאמען?

— 4. —

תנחומס פארלויף אין ארץ־ישראל איז געלעגן ווי אן אפענע קארט אויף זיין פנים, ער איז געווען א מענטש פון דער דריטער עליה. די קאר־טע פון לאנד איז אפן געווען פארקריצט אויף תנחומס געזיכט, אלע קנייטשן און רונצן, קארבן און שטריכן צוזאמען מיט די האלבע רעדער אונטער די אויגן, מיט די פארברענטע פון זון אפגעשאסענע כמעט ווייסע ברעמען, מיט ביידע באוועגלעכע אויסגעשפארטע שליסל ביינער אפער דער טרוקענער ברוסט, אויף וועלכער עס האבן זיך געשפילט אין יאגע־ניש כוואליעס הויט, דאס אלץ האט גערעדט און דערציילט ווי אזוי תנחום האט אנגעהויבן אין א ברודיקן האטעל אין יפו און זיך געשלענגלט דורך דער מאליארישער חדרה, דורך זיכרון, ביז די דגניהס, פון דארטן ארויף צו כפר גלעדי אין גליל און צוריק דורך געלן פיבער פון יסוד המעלה צום טאבאק אין ראש פינה, נאכהער דורך טבריה אונטער די פעלזן פון גלבוע אויספלעקלען די גרענעצן צווישן עין חרוד און תל יוסף, גוואלד! גוואלד! — וויפל פראצע אזא לייב ווי תנחומס האט עס געקענט ליפערן, נישט אפצושאצן און נישט צו בארעכענען, ביז ער האט זיך דערשלאגן נאך כלערליי נסיונות און גילגולים צו די צוויי פרידות, די צוויי קי מיטן 5 דונאמיקן „משק" פון דער „התישבות האלף" אין סאמע עק פון א קא־לאניע אין דעם פליין פון צפונדיקן שרון:

„שלום עטא!" האט תנחום ברייטלעך אריינגעזונגען אין דער גע־עפנטער טיר פון זיין היים, שלובת — כ'האב אונדז געבראכט א גאסט,

עטל, אונדזערס א בן־עיר, אנו, דערקען? — יודל משהס, יודל דער „מענטש" פונעם טאַרטאַק, געדענקסט?

— יודל! איז עטל צוגעפאַלן צו אים און איר קאָפּ צוגעלעגט אויף זיין אַקסל, יו—דד—לל!

יודל האָט איר דערקענט, עטעלע, דאָס איז עטעלע די געוועזענע פאַרשווינטע פון שטעטל, די גימנאַזיסטקע פון פעטערבורגער גאַס, יש־ראל איטשעס דעם גבירס טאָכטער, דעם גרויסן וואַלד סוחרס עטאַ, וואָס פלעגט קומען מאַכן „סווידאַניעס" צו אים אונטער די געהילצן אין טאַרטאַק, עטעלע פון וועלכע די גאַנצע יוגנט פון שטעטל האָט געוואַגט נאָר צו חלומען, די בעל גאווהניצע, מיטן געשניצטן פנים מיט די ברוינע צעפּ, די טונקל בלויע גרויסע אויגן, מיטן פינטעלע אויף דער רעכטער באַק, עטעלע אין ברוינעם גימנאַזיע קלייד מיטן ווייסן שפּיצן קראַגעלע, מיטן שוואַרצן, ריפּסענעם אוניפאָרם פאַרטוך, און די הויכע „סאַפּאָזש־קעס" אויף די שלאַנקע לאַנגע פיס.

— עטעלע! אַט האָט זי אַנגעלענט דעם קאָפּ אויף זיין אַקסל ווי עס פלעגט אַמאָל טאָן זיין מירל, מיר...

עטל? א ווייטער, ווייטער שאָטן פון וועלכן עס איז נאָך פאַרבליבן דאָס פינטעלע אויף דער רעכטער באַק, די טונקל בלויע אויגן מיט די שטאָלצע לאַנגע פיס.

האָט זיך יודל פאַרשלאָסן און דערפילט דעם נומער גליען זיין לייב ווי געברענט אייזן — עס האָט נאָר א ווײַלע געדויערט וואָרום אין שטוב האָבן זיך אַריינגעריסן צוויי יונגאַטשעס ווי א וויכער, זיי זיינען נישט נתפּעל געוואָרן פאַרן פרעמדן און זיך צעשאָטן אין אַן אַנגעקוואָלענער נישט פאַרשטענדלעכער געדעריי... געגוג.

יודל איז דאָ פאַרבליבן, ער האָט נאָר געשטעלט א תנאי: מען זאָל אים לאָזן צונויפברענגען דאָס ביסל צעוואָרפן געהילץ פון געהעפט, מיט אַלטע בלעכן, און ער וועט זיך דאָרטן אין ווינקל גאָרטן אַליין „אויסטראָ־יען" א „דירה", וואָרום עס איז אים ניחא צו זיין אַליין, ווידער צוריק־געדעכט, הלמאי פאַרעגנן גוטע מענטשן וואָס לעבן זאַלבעפערט בסך הכל אין אַנדערהאַלבן צימערן?

אויף מאָרגן פאַרנאַכט, ווען תנחום איז צוריקגעקומען פון דער אַר־בעט פונעם פרדס, ווי ער איז אַנגעשטעלט ווי א משגיח, האָט ער צוזאַ־מען מיט יודלען מיט ביידע בנים, די יונגאַטשעס, צונויפגענומען ווי נאָר א ברעט, ווי נאָר א בלעך (די שכנים, פון זייער זייט האָבן ווילִיק צוגע־געבן זייער חלק צושטייער אויף א היים פאַר א „מעפּיל") און במשך פון עטלעכע נאָכמיטיקן און באַגינענס איז יודלס „צריף" פעסט געשטאַנען

אין ווינקל גאָרטן. אויסגעזען האָט דער „צריף״ נישט אַזוי געהויבן, אָבער ס'איז געווען אַ צריף...

די באַגעגעניש אויף דער אויטאָבוסן סטאַנציע איז געווען אַ גורלדי־קער צופאַל פאַר ביידע צדדים, וואָרום יודלען ווי אַ „מענטש״ פון אַ טאַרטאַק, איז דער דאָרף געווען אייגן, די הויפּישע מלאכות האָט ער נישט שלעכט געקענט, איינשפּאַנען, אויסשפּאַנען, פאַרבראָקן פּאַשע, אי־בערקערן מיסט, ווידער דאָס באַדערן אַרום אויבסט איז אים אויך אייגן געווען ווי דאָס פאַרזעצן קאַרטאָפל, כאָטש דאָ אין ארץ ישראל איז די מלאכה אַביסל אַנדערש („געצאַצקעט״) אפילו דער אקער איז יודלען נישט פרעמד געווען. ווידער, תנחום איז שוין געווען אַזוי צו זאָגן „אויפן וועג צוריק״; אישיאַס האָט געבראָכן דעם רוקן, די נירן: לא עליכם, און די מילץ האָט נישט געקאָנט מוחל זיין יענע מאַליאַרישע יאָרן...

ווי עס זאָל נישט קלינגען משונהדיק איז נאָך עטל געווען „מער אָדער ווייניקער״ ביי די קרעפטן, תנחום האָט אַלע יאָרן געוווּסט ווי איר צו שאַנעווען, ובכן עטא, אָדער פשוט און היימיש „עטעלע״ האָט פאַר־שטאַנען יודלען גאָרנישט צו פרעגן, זי האָט גוט געוווּסט אַלץ, הלמאי רייסן וווּנדן? אמת, זייט יודל איז געקומען איז מיט עטעלען עפּעס אויך געשען, און זי האָט געטאָן עפּעס אַזוינס, וואָס זי האָט שוין לאַנג פאַר־געסן: בעת קיינער פלעגט נישט זיין אין שטוב פלעגט זי זיך אָפּרייסן פון דער אַרבעט און זיך באַטראַכטן אין שפּיגל. יודל האָט אין איר אויפ־געוועקט לאַנג, לאַנג דערשטיקטע און פאַרגעסענע נאָסטאַלגיע, עס איז איר טשיקאַווע געווען צו זען ווי למשל, זעט זי איצט אויס אין די אויגן פון אַ מענטשן וואָס ווייס איר עבר? און אין שפּיגל האָט זי אויך נישט געפונען מער פון יענע יאָרן ווי יודל: ביידע טונקל בלויע גרויסע אויגן... ס'פינטעלע אויפן באַק, און אָנשטאָט די שווערע שמעקעדיקע צעפּ אַ גע־שוירענעם געלאָקטן זילבערנעם קאָפּ.

זיי האָבן יודלען מקרב געווען, גאָר נישט געפרעגט, גאָרנישט גע־זאָגט, קיינמאָל גאָרנישט געהייסן וואָס ניט איז טאָן, ס'איז געווען איבע־ריק, יודל האָט אַלץ אַליין געוווּסט, ווי און וואָס צו טאָן, ווען און וואָס ס'איז נויטיק, ער איז גיך אַריינגעוואַקסן אין דעם אויסגעפּראַצעווטן ווינקל פון יידישן דאָרף און גענומען געניסן פון דער געגאַרטער רו, עס האָבן זיך אָנגערוקט וואָכן און חדשים מיט פול געלאָדענע טעג אָן איבע־ריקע צייט בעת יודל פלעגט אויפהערן זען דעם נומער אויפן לייב פון זיין האַנט.

ס'איז אים דאָ אַלץ היימיש געוואָרן, דער געהעפט, דער גאָרטן, די ווירטשאַפט, ס'דומס און בעלי חיים.

ער האָט זיך פאַרבונדן מיט ביידע יונגאַטשעס, מיט וועלכע ער

האָט זיך מיט דער צייט אויסגעלערנט אויסטענהן אַזוי העלפּט איבער העלפּט, זיי מיט דער הילף פון דעם געכאַפּטן ביסל ייִדיש, און ער מיט דעם דערמאָנטן ביסל חדר־העברעיש, מיט אַלע נייע ווערטער וואָס ער האָט באַוויזן צו פאַרגעדענקען. ס'איז אים באַזונדערס גאָענט געוואָרן זיין ווינקל אינעם מיטן גאָרטן מיט די ביימער וואָס האָבן געווייעט מיט פאַרבאָרגענער היימישקייט, ער האָט אויסגעלערנט יעדע בוים באַזונדער ווי זיי וואָלטן געווען זיין בעלי חיים. אין גאָרטן איז ער געלעגן זיינע טעג און נעכט, פון פינצטער ביז טאָג פון זריחה ביז שקיעה, באַזונדערס זיי־נען אים ניחא געווען די בלויע אָוונטן צו זיצן אויף די טרעפּלעך פונעם באַראַק, אריינאָטעמען אַלע דופטן, אַלע בשמים פון אַרום, און אין זיין מוח האָבן זיך ביסלעכווייז גענומען שפּינען און וועבן פאַרבאָרגענע, טיף־טיף פאַרבאָרגענע דינינקע פעדימלעך פון אַן עתיד און תכלית. ס'איז גוט געווען, וואָס דאָס האָט זיך אַלץ גענומען שפּינען ווייט אונ־טער זיין באַוווּסטזיין, וואָרום ווען ס'וואָלט אַנדערש געווען, וואָלט זיך יודל שטאַרק דערשראָקן, — דערשראָקן פאַרן כוח החיים פון מענטשן, וואָס איז שטאַרקער, אַ סך שטאַרקער פון אייזן.

— .5 —

וואָס פאַר אַ פרילינג ס'האָט זיך צעבליט אין יאָר תש"ו אין ארץ־ישראל! אַ פול געלאָדענער פרילינג מיט זאַפטיקע געדיכטע פאַשע פעל־דער, געדיכטן גרינס, מיט תבואות פיין אויפגעגאַנגענע, די פּרדסים האָבן פאַרשפּרייט בשמים מיילן ווייט אַרום. און די מאַנדל־ביימער האָבן זיך אויסגעפּוצט אין די וווּנדערלעכסטע בלומען און יעדער בוים פון ווייטן האָט אויסגעזען ווי די שענסטע ווייס ראָזלעכע קרינאָלינע, ווי אַ כלה צו דער חופּה. די עפּל, די באַרן, די פלוימען, די מישמישן האָבן צעלאָזן דיקע האָניק קנאָספּן, די קנאָכיקע פייגן ביימער האָבן זיך באַצירט אין געדיכטן גרינס, ווייַן האָט זיך שטיפעריש געפלאָכטן, און פייגל האָבן נישט אויפ־געהערט זינגען צו די בלויע הימלען אַרויף.

נאָך אַזויפיל פינצטערניש האָט דאָ יודל דערזען ליכט אפילו ביי־נאַכט, בעת פון ווייטן אין דאָרף האָבן געהילכט מונטערע יונגע געזאַנגען, פלעג זיך יודל אויסציען אויף דער נאַקעטער מאַמע ערד ביי זיין שוועל און פרובירן שטוקעווען פיצלעך מחשבות. איינמאָל בעת ער האָט אויפ־געריסן די אויגן האָט ער דערזען די ארץ־ישראלדיקע נאַכט, אַ פרילינגס נאַכט צום ערשטן מאָל פאַר זיין זיין דאָ הי, ער האָט דערזען ווי די הימ־לען ליגן אויסגעשפּרייטע אין אויסגעגלעטע ווייכע סאַמעטענע יריעות

אָנגעפּיקעוועט מיט מיליאָנען מיליאַסן בריליאַנטן פון אַלע גרויסן, ער האָט דערפילט אויפן פּנים טוי מיט אַ קילן ווינטל, ער האָט דערהערט די שושקעריי פון גרילן, אָבער די עצבות האָט ער בשום אופן נישט געקאָנט פאַרטרייבן אויף אַ רגע, באַזונדערס אין די נעכט פון די האַלבע און צוויי־דריטלדיקע לבנות אָט די זעלבע צוויי־דריטלדיקע לבנה, בעת זי איז אַביסל באַשאָטנט פון רעכטס, פלעגט דאָך אַריינקוקן דורך דער לאָך דאָרטן אונטערן דאָך אויף די פאַרלייזיקטע נאַרעס, און קוקט איר גוט אָן די צוויי־דריטלדיקע לבנה, וועט איר זי זען ווי יודל, ווי זי קריגט אַ פּרצוף, וואָס דערמאָנט יענעם פאַרשאָלטענעם אַרם־שונא ישראלדיקן פּרצוף ימח שמו וזכרו — — —

און אין איינעם אַזאַ ליכטיקן פרימאָרגן ווען יודל האָט געקאָלעכט אַ בוים, האָט זיך עפּעס צעברומט און צעזשומעט אין דער לופטן, עפּעס נאָגענדיקס און אימהדיק, לכתחילה האָט זיך אים אויסגעדוכט אַז דאָס פליט אַן עסקאַדריליע עראָפּלאַנען (יודל האָט זיי פיינט געהאַט בתכלית השנאה, בררררר!) נאכהער האָט דאָס זשומען געשטיגן, שטאַרקער און שטאַרקער ביז ס'האָט זיך צעגאָסן אין אַ ברום ווי עפּעס אַ ווילדער גע־זאַנג. יודל האָט אַריינגעלייגט דעם פענדזל אין עמער, פאַריסן דעם קאָפּ אין דער הויך, געזוכט, געגישטערט אין הימל און גאָרנישט געפונען. מיט־אַמאָל האָט ער דערהערט פון די שכנותדיקע אַראַבישע נחלות אַ שטאַרקן צימבלען פון האַלז און לײדיקע בלעכן ווי הייזעריקע גלעקער באַגלייט מיט אַ טרויעריקן ריטמישן מזרח געזאַנג פּסוקים מיט קורצע הפסקות, ס'האָט געקלונגען ווי תפילות פון ווילדע אין אַ דזשונגל, און אָט האָט זיך ס'געזאַנג מיטן געבראַזג צונויפגעגאָסן מיט דעם ברומען אין אַ ווילדן בראשיתדיקן ניגון, וואָס האָט אויסגעפילט דעם חלל ביז ס'איז טונקל גע־וואָרן ווי פאַר אַ רעגן, וואָס איז געשען?

אַ היישעריק!

ארבה, ארבה!

דזשאַררראַך!*)

האָבן זיך קולות געטראָגן אין העברעיש, אין יידיש און אַראַביש פון אַלע הויפן פון אַלע נחלות, פון אַלע פּרדסים, פעלדער און גערטנער, און יודל האָט דערזען ווי יידן לויפן אויך, אַלט און יונג, צו זייערע פעל־דער מיט העלצער און בלעכן, זיי בראַזגען און צימבלען צוזאַמען מיט די אַראַבער אין דער גרויסער ניט געהערטער ווילדער סימפאָניע.

אַ היישעריק! אָט האָט ער אים דערזען, ער יודל, אָט זיינען זיי די מזיקים, וואָס זיינען אָנגעפלויגן גאַנצע וואָלקנס פון אונטער די הרי

*) „דזשאַראַך" מיינט היישעריק אין אַראַביש.

חושך, אזעלכע גרינלע־גאָלדלעך־גרוילעכע ברואים מיט זילבערנע צע־לולאָיד פליגלען, אָט אָט צעשיטן זיי זיך, אָט, אָט נידערן זיי שפּרינגענ־דיק, און פאַרדעקן דעם שטח ארום, וואָס קריגט אַן אויסזען פון אַ מאוימ־דיקן „טאַנץ־קלאַס".

ס'ווערט אַ כאַאָטישע טאַנצעריי און שפּרינגעריי פון היישעריקן קליינע ווי זשוקלען און גרעסערע ווי פינגער לאַנגע, זיי וואַרפן זיך קאָנ־ווולסיוו, גראַבן זיך אין באָדן, רייטן איינער אויפן צווייטן, דווקא איצט מוזן זיי זיך פּאָרן די מיאוסקייטן, דווקא איצט — — — — — און אַלץ ווערט באַדעקט מיט זיי, אַלע ביימער און צווייגן — — — — אָט קור־ליען זיי זיך, פּאַראַייניקן זיך אין נייע און נייע קנוילן, אין שפּרינגענ־דיקע גאָלד־גרינלעכע קופּעס, און צעשיטן זיך ווידער.

שטייט ער דאָ יודל אין מיטן דער סטיכיע צעטומלט און פאַרגאַפט, צעחושט, נישט צו ווינען וואָס צום טאָן, ווו פריער צו קוקן, פונוואַנען האָט זיך עס מיטאַמאָל דאָ געַנומען אַזאַ גוואַלדיק ברויזנדער אייפערזיכטי־קער מיליאָנען מילאָסן לעבן, פון וואַנען?

שטייט ער אַזוי ביז עטל קומט צולויפן מיט פאַרבראָכענע הענט:

— „יודל! אַ סוף, זיי וועלן אַלץ פאַרצוקן, אונדזער פּראַצע ווערט פאַרברענט אויף אַ יאָר פאַראויס.

און אָט קומען צולויפן צעפלאַמטע די יונגאַטשעס מיט שטעקנס און בלעכן, זיי שרייען מיט באַנומענע קולות, בראַזגען און קלאַפּן און טרעטן מיט רציחה דעם קריכנדיקן טאַנצנדיקן באָדן.

„זיי טוען דאָך עפּעס", טראַכט יודל, „וואָס שטיי איך"?

„וואָעס? זאָל דאָס זיין דער סוף פון מיין מנוחה, וואָעס?

„אמא, אמא! — הביטי!"

— ווערט אַ נייער געשריי אַרום: — „זעט נאָר, זעט מענטשן!"

זעען מענטשן: ס'באַוועגט זיך עפּעס ניי אויפן הימל נאָכדעם ווי די היישעריקן האָבן געניידערט אויף דער ערד און זיך צעשפּרייט, צעגאָסן ווי אַ לאַווע אַרום, להשמיד.

ס'שניידט זיך אויס אויפן האָריזאָנט אַ ריזיקער פּאָכענדיקער דריי־עק, וואָס צעשיט זיך, צעשפּרייט זיך, פאַראייניקט זיך און צעגיסט זיך ווידער.

ס'קערט זיך צוריק די ליכט פון דער זון, און די זעאונג ווערט וואָר, דאָס זיינען טשאַטעס, גרויסע טשאַטעס באַטשאַנעס וואָס פליען משמעות אין די שפּורן פונעם היישעריק זומערן אין די נייע קאָנטינענטן, טשאַ־טעס אין די שווערע טויזנטער, אָט אָט נידערן זיי אויך די פייגל ריט־מיש. מען זעט שוין ס'פּאָכען פון זייערע שוואַרץ־ווייסע פליגלען, מען

זעט זייערע שניי ווייסע בייכער מיט צוויי לאַנג אויסגעצויגענע רויטע פיס ווי קאמערטאָנען.

פּאָך־פּאָך־פּאָך אַזש ס'ווינטלט זיך, און אַט פאַלן זיי נאָך אַראָפּ ווי שטיינער און וואַרפן זיך אויפן העסלעכן היישעריק מיט אַ ברענענדיקער שנאה און אייפער און דאָ שפּילט אָפּ די נאַטור אַזאַ אור־טטיכישע שלאַכט פאַר קינדס קינדער צו דערציילן.

מענטשן האָבן אַלץ פאַרגעסן, אַלץ, געוואָרפן די בלעכן מיט די העלצער, אויפגעהערט צו לויפן און טרעטן, פאַרריסן קעפּ מיט אויגן און מיט פאַרגאַפטע אָפענע מיילער זיך צוגעקוקט נישט געזעטיקט צו ווערן פון דער מראה, ווי אַזוי די פייגל פאַרטיליקן דעם היישעריק, כוואַ־ליע נאָך כוואַליע.

ס'האָט נאָר אַן עלטערער ייִד מיט אַ גרויער באָרד אין אַ יאַרמולקע מיט אַ צעלאָזענעם טלית־קטן, און ברייטע דאָרפישע פליודערן מיט באָר־וועסע פיס הויך אויפן קול אָפּגעזאָגט אַ ברכה:

„שהחיינו, והקימנו והגיענו לזכות ולראות מעשי בראשית", אַ ברכה פון אייגענער נישט פריער פאַרטראַכטער פאַרפאַסונג, וואָרום איר גע־פינט זי נישט אין די זעלטנסטע עלטסטע סידורים נישט פון דער „אלמנה והאחים ראָם" נישט פון די אַנדערע דפוסן.

שטייט ער יודל און ווייס נישט וואָס פריער צו זען: די מלחמה צווישן צפור און זהל, צי עטלס אויפגעלויכטענע גרויסע טונקל בלויע אויגן מיט די שיינענדיקע פערעלעך אויף די וויעס, אָט יענע אויגן פון אַמאָל — — — —

און דאָ האָט זיך יודל דערמאָנט אינעם געזאַנג אויף דער שיפל „חנה סענעש" אין יענער צעשטורעמטער ניטל נאַכט! „עוד לא אבדה" — — — — ער האָט זיך דערמאָנט יענעם ניגון, וואָס האָט זיי דאָרטן אַרויסגע־ריסן פון פאַרצווייפלונג און באַרויִקט, דעם ניגון וואָס יעדער ייִדיש פאָלקס קינד זאַפּט אין זיך אַריין צוזאַמען מיטן מילך פון זיין מוטער, און פאַרבלייבט אינעם ייִדיש בלוט ס'גאַנצע לעבן, צי ער זינגט אים יאָ דעם ניגון צי ער זינגט אים נישט.

שטייט ער דאָ איצט יודל צווישן די מענטשן און ביימער און פילט נישט ווי צום ערשטן מאָל נאָך אַלע פינצטערע יאָרן זינגען זיינע ליפּן צוזאַמען מיטן האַרץ אַ ליד בלחש:

„עוד לא אבדה תקוותינו".

# אין גרוב

דאָס איז געווען אין האַרבסט, ווען דיביימער האָבן זיך אָפּגעטרייסלט פון די געשטאָרבענע געלע בלעטער און זיך פאַרהאַרטעוועט אקעגן בייזן ווינטער, ווען פעלדער זיינען געשטאַנען נאַקעט־אויסגעליידיקטע, נאָר ווו נישט ווו האָבן זיך נאָך געפּלאָנטערט פאַרוועלקטע, צעצויגענע קאַרטאָפל־גראָזן. שפּינוועבסן האָבן זיך געשפּילט אין דער קילער זון, סטייעס פייגל האָבן זיך געצויגן צום וואַרעמען מערב און שמוציקווייסלעכע פאַרטיכער האָבן אראָפּגעפלאַטערט פון עלנטע צלמים אויף בלאָטיקע וועגן: דעמאָלט איז פּוילן געגאַנגען צו דער עקדה.

אין דעם שטעטל סטאָקי, נאָענט צו דער דייטשישער גרענעץ, איז די גאַנצע „מאַכט" געשטאַנען אויף די פיס: דער בריוווטרעגער, דער בירגערמייסטער, די דריי פּאָליציאַנטן מיטן „נאַטשעלניק", נאָך עטלעכע באַאַמטע — מיט גאָר וויכטיקע פּנימער זיינען זיי געלאָפן איינער צום צווייטן, געאיילט, געשמייעט, זיך געסודעט.

אין שטעטל זיינען ייִדן און קריסטן געשטאַנען ביי די קרעמלעך, ביי די גאַניקעס, פאַרדאַגהטע, פאַרקרעכצטע, צעטומלטע ווי שעפּסן אָן אַ פּאַסטוך, נישט ווייסנדיק, וואָס מ'הויבט אָן צו טאָן.

ביי זאַוול דעם מעל־קרעמער איז געווען אַ פולע שטוב משפּחה, שכנים און סתם מענטשן, וואָס זיינען געקומען זיך געזעגענען מיטן גרויסן גאַסט, מיט זאַוולס אַ זון, וואָס האָט זיך געקליבן אָט אַוועקצופאָרן. דער גאַסט האָט געהאַט אַ ווייטן וועג פאַר זיך: פון סטאָקי ביז רחובות — ארץ־ישראל, פון וואַנען ער איז געקומען אויף באַזוך אין דער געוועזענער היים.

דעם גאַסט איז נישט ניחא געווען די גאַנצע נסיעה. וואָסערע צען יאָר האָט ער זיך געקליבן „אַ היים", און אַז ער האָט שוין דערלעבט אהינצוקומען אויף אַ פּאָר חדשים, איז די לופט ענג געוואָרן, דערשטיקט צו ווערן, מחמת אַלע האָבן זיך געוואָרגן מיטן שרעקלעכן וואָרט: מלחמה. נאָך נישט געווען קיין צוויי וואָכן מיט די אייגענע, ווי דער צעשראָקענער

בריווטרעגער ברענגט אים א בריוו פון ענגלישן קאָנסול, וואָס טענהט צו אים, נתנען, זאָוולס זון, דעם רחובותער תושב און פּאַלעסטינער ביר־גער, אַז עס איז „אזוי און אזוי, ס'הייסט מלחמה־סכנה, דעריבער ראָט ער אים, ער זאָל אזוי גוט זיין, וואָס גיכער פאַרלאָזן דאָס לאַנד".

טיף אין הארצן האָט נתן געטראַכט, אַז דער בריוו פון קאָנסול איז אָן אויסוועג, ווייל ס'איז אים שוין דערווידער ס'לעבן אין סטאָקי נאָך א צוויי וואָכן זיין דאָרטן. 17 יאָר האָט ער געבענקט נאָך זיין שטעטל, וואָס האָט זיך אין זיין דמיון געהאַט צעוואַקסן אין עפּעס א כרך, אין דעם וואַרעמסטן אינטימסטן אָרט פון דער וועלט, דעם אָרט, ווו ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן, ווו ער האָט פאַרבראַכט די בעסטע יאָרן פון זיין לעבן — די קינדהייט און יוגנט. פון וווייטן איז אים אַלץ געווען נאָענט און טייער: די גרויסע הילצערנע שטוב מיטן געשניצטן גאַנעק, דער גאָרטן, די ווערבעס, דער טייך, די סעדער, די שכנים; היינט טאַטע־מאַמע משפחה, מומעס, פעטערס — און ווער נישט?

און אָט זיצט ער אין סטאָקי שוין צוויי וואָכן און באמיט זיך דער־טרינקען זיין אַנטוישונג ערגעץ טיף אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פון זיין באַוווּסטזיין, וואָרום פון דמיון ביז דער ווירקלעכקייט איז א שיינער מהלך... דאָס איצטיקע סטאָקי איז איינגעדאַרט און נתן איז שוין לאַנג אַרויסגעוואַקסן פון דער אַלט פאַרגליווערטער סביבה פון זיין היים. טאַטע־מאַמע האָבן זיך באַמיט מיט וואָס זיי האָבן געקענט, אים גוטס צו טאָן, דערוואַרעמען, מקרב זיין, כאָטש פאַר זיי איז ער שוין געווען א שטיק פרעמדקייט; פאַר זייער דמיון האָט נאָך געלעבט א נאַטיש, א יינגל, א שטיפער מיט א שוואַרצער טשופּרינע, מיט רויטע באַקן, א קוועקזילבער, וואָס האָט אַלץ פול געמאַכט. און אָט האָט זיי דער אויטאָ־בוס געבראַכט פון דער ווייט א הויכן יונגאַטש מיט א קאַלן קאָפּ, מיט א פּאָר ברוינע האַריקע ידים, און דאָס פּנים? — רבונו של עולם! — א לעבעדיקע מאַפּע פון ארץ ישראל, — אַזויפיל קנייטשן און קנייטשלעך, שטריכן און ליניעס... אַז א סימן זאָל עס זיין געבליבן פון אויסגעבענקטן נאַטישן! אונטער די אויגן זיינען געלעגן אויסגעקריצט די וועגן, וואָס האָבן נאַטישן דערפירט ביז נתנען, פון סטאָקי קיין רחובות: הכשרה, בתי עולים, טריפענע שיפן, מאַלאַריע, שטיינער, כבישים, בנינים, זומפּן, פּיאָש, הונגער, זעלבסט־שוץ, ביז לאַנדווירטשאַפט. די צוויי שאַרפע ריצן פוןביידע זייטן נאָז ביז דעם מויל זיינען אויסגעקריצט געוואָרן יענע נאַכט אין חולדה, ווען דער גאַנצער אָרום האָט געברענט, און ער מיט די חברים, וואָסערע צען צענדליק מאָן זיינען געשטאַנען אַקעגן טויזנטער, אַקעגן א גאַנצן מדבר. פון יענער נאַכט איז אים אויך געבליבן ס'זילבער אין די פּאות — ווי א מעדאַל. די טיפע רינעס אין שטערן זיינען ווייי־

טערדיקע תקופות פון קבוצה־לעבן ביז שטאָטישער פּראַצע, דערנאָך צו־ריק אין דאָרף, ווו ער האָט זיך דערשלאָגן צו אַ שטיקל מעמד אין אַ פּרדס. און אָט אַ גייע צאָל ליניעס מיט טיפערע און פלאַכערע קנייטשן און קנייטשלעך, צעוואָרפענע אָן אַ סדר אומעטום, אויף האַלדז און נאַקן, אויף די באַקן און ווו איר ווילט נאָר, — זיי פאַרצייכענען טעג, נעכט, וואָכן, חדשים און די יאָרן 1936־39, ווען די נערוון האָבן שיעור נישט געפּלאַצט פון שפּאַנונג, און די אויגן, וואָס האָבן פאַרגעסן דעם טעם פון שלאָפן, זיינען טיף פאַרקראָכן אין קאָפּ, די אַקסל האָבן וויי געטאָן פון דער ביקס.

בקיצור, אַ פּנים — אַ מאַפּע פון ארץ־ישראל! און דאָס האָט גע־דאַרפט צעוואַרעמען אַ מאַמע, דערהייבן און דערפרייען אַ טאַטע מיט אַ משפחה...

דעם אמת געזעדט, זיינען אַלע געווען אַנטוישט, אָבער ס'וואָלט דאָך געווען דער גרעסטער פאַרברעכן אַזוינס אַרויסצוּווייזן כּלפּי אַן אייגן קינד, אייגן בלוט און פלייש, נאָך וועלכן מען האָט אָפּגעבענקט עלף יאָר צייט...

דערפאַר האָבן זיך אַרום נתנען געטוליעט ס'רוב פון דער סטאָקער יוגנט, וואָס האָט שטאַלצירט מיט דעם מינדסטן קנייטשל פון נתנס פּנים; פאַרקערט, פאַר זיי האָט אַזאַ פּנים געלויכטן ווי די זון, פאַר זיי זיינען זיינע ווערטער געווען „דברים שבקדושה", וואָרום פון זיין גאַנצן אויסזען, פונעם גאַנצן הילוך האָט געשמעקט מיט ארץ־ישראל.

לכבוד דעם גאַסט פלעגט ביי זאַוולען אַלע אָוונט פול זיין די גרוי־סע שטוב. נתן פלעגט אויסהערן טענות און שפּעטער צוריק „באַגראָבן" די אָרטיקע אויסלאַכער, באַזונדערס ירוחמען דעם וואַלד סוחר, דעם שטעטלשן תקיף, וואָס האָט כּלל וכלל נישט געהאַלטן פון ארץ ישראל. און אַז ירוחם פלעגט שוין פון עפּעס נישט האַלטן, איז עס גאָרנישט ווערט געווען — נישט אַ צעבראָכענעם דרייער. קיינער האָט נישט מעיז געווען אים, דעם תקיף, זיך אַנטקעגנשטעלן. ער האָט אויסגעחוזקט דאָס ווייט אויסגעבענקט לאַנד פון סטאָקער יוגנט: — „ציגן עסן באָקסער", „אַלטע בתולות אין תחתונים", „הייזער אָן אויוונס", אַפּיקורסים, סיצי־ליסטלעך, „שלך־שלי" וכדומה. צו הילף ירוחמען פלעגט קומען זיין זון דער „אינטעליגענטער" בונדיסט, וואָס פלעגט מיט הנאה צוּוואַרפן: „מאַ־מע רחלס קבר", „פאַרטריבענע אַראַבער", „כותל מערבי", „לאָקשן קודש"...

די יוגנט פלעגט פּלאַצן, ביילנדיק די פויסטן אין קעשענע, אָבער שווייגן פון איינגעפּרעסענעם פּחד מדור דורות פאַר די שטעטלשע תקי־פים.

און אָט שטייט דאָ אַזאַ נתן, פּעסט ווי אַ דעמב, און דונערט דעם תקיף אַקעגן. עס פּלעגן זיך אים אָנגיסן די אָדערן אויפן האַלדז, די אויגן צעצונדן אין פֿלאַמען, און ס׳מויל שניידט ווי חלפים:

— וואָס, רבי ירוחם? וואָס איז אייער לעבן? וואָס איז אייער געלט? וואָס איז אייער כבוד? וואָס זיינען אייערע קינדער? וואָס איז אייער היינט? ווו איז אייער מאָרגן?, ווו איז אייער צוקונפט? — שמעקט טאַבאַק. פאַרוואָס פילט איר נישט, ווי דער באָדן ברענט אונטער אייערע פיס? פאַרוואָס ראַטעוועט איר נישט, וואָס איר האָט?

און נאָך און נאָך אַזעלכע חלפים־שאַרפע רייד, וואָס האָבן געשניטן און געטראָפן אין האַרצן אַריין, פלעגט נתן דערלאַנגען.

ווען נתן האָט איינמאָל מיט צאָרן אַ ברום געטאָן — „פשיטיק״, האָט זאַוולען דעם טאַטן פאַרפעלט לופט צום אָטעמען און די צעטומלטע מאַמע האָט פון שרעק פאַרמאַכט דאָס איינציקע אָפענע פאָרטל פון פענצטער...

די יוגנט וואָלט אים דעמאָלט געטראָגן אויף די הענט, וואָלט אים אַרומגענומען און געקושט; זי האָט עס אָבער נישט געטאָן מחמת דרך־ארץ און אַנטציקונג. די יוגנט איז געווען באַגייסטערט, ווער רעדט נאָך, ווען נתן האָט דערציילט וועגן די עליות אין טאָל פון בית שאן און אויף די בערג פון גליל. היינט די דערציילונג וועגן פּאָרט אין תל־אביב, זי האָט זיי אַזוי צעפלאַמט, אַז זיי האָבן דערפילט דעם געזאַנג פון ים, דעם שטורעם פון די כוואַליעס. ס׳איז אויסגעקומען, ווי זיי אַליין האָבן איבערגעטראָגן די שווערע זעק צעמענט פון די שיפן אַראָפּ, ביזן ברוסט אין וואַסער, און פון התלהבות האָבן זיי אָנגעהויבן טאַנצן אַ „האָראַ״ ביי זאַוולען אין שטוב צוזאַמען מיט די סאַלאָניקער טרעגער אין די וואַסערן פון תל־אביבער פּאָרט...

בעת ביי זאַוולען איז פול געווען די שטוב מיט ויכוח צווישן נתנען מיט ירוחם דעם וואַלד סוחר און זיין זון, דעם סטודענט, ווען די מאַמע האָט מיט אַ צעוויטיקט געמיט איינגעלייגט נתנס וועש אין טשעמאָדאַן, זיינען אויף דער צווייטער זייט גאַס, אין ווייסן מויערל, געזעסן מיעטשיסלאַוו דער שטעטלשער ענדעק, צוזאַמען מיט עטלעכע „אָביוואַטעלעם״, און אויסגעהערט די מעינות פון אַ צווייטן גאַסט אין סטאָקי, דעם פּאָסטמייסטערס זון, דער יונגער ראָמעק וואָס איז היינט געוואָרן דער פאַן ראָמאַן וואַשילעווסקי, אַ מלוכה־באַאַמטער אין טשענסטאָכאָוו. מיעטשיסלאַוו האָט געדרייט אויף אַ פינגער אַ האַלבע וואָנסע, געריכערט אַ שאַרפן ציגאַרעט און צוגעברומט, ווי אַ קאָטער אויף אַ וואַרעמען אויוון. פאַן ראָמאַן האָט דערציילט, ווי אַזוי די מאַכט פון די זשידעס אין פּוילן ווערט איינגעבראָכן, ווי אַזוי די נאַציאָנאַלע יוגנט לערנט די זשידעס

דרך־ארץ האָבן פאַרן אמתן אָביוואַטעל פון פוילן. וואָלט ער געזען, דער פאַן מיעטשיסלאַוו, ווי דער זשידאָווסקער „ברוך־טאָ־נאַי", דער ראַבין האָט זיך פאַר אים, פאַר ראַמאַנען, געבראָכן און געבויגן, ער, ראָמאַן וואַשילעווסקי, זאָל באַוויליקן די יידישע קצבים פון טשענסטאָכאָוו פאַר־קויפן נאָך 50 קילאָ כשר פלייש און וואָלט דער פאַן מיעטשיסלאַוו גע־הערט, ווי שטאָלץ ער האָט אים געענטפערט, דעם ראַבין:

— פשאַקרעוו, געננג געזויגן אונדזער פויליש בלוט. ביי אייך אין פאַלעסטינע וועט איר פרעסן כשרס, וויפיל איר ווילט! ווער האַלט אייך דאָ?

ער, ראָמאַן, באַוווּנדערט נאָר, וואָס אין סטאָקי שלאָפן די טרייע אָביוואַטעלעס פון פוילן און קוקן זיך צו, ווי די זשידעס געוועלטיקן — „אָט, אַזאַ טאַנצעריי ביי זאַווקען דעם זשיד, ווי זיי וואָלטן געווען אין פאַלעסטינע און נישט ביי אונדז, אין פוילן..."

א פאַרשוויצטער איז אַריינגעקומען דער נאַטשעלניק פון דער פּאָ־ליציי, אויסגעטאָן דאָס היטל, אָפּגעלאָזט דעם גלאַנציקן גורט און מיט א רעזיגנירטן מאַך מיט דער האַנט א ברום געטאָן: — „קיעפּסקאָ, פּאַ־נאָוויע", שלעכט, דער טעלעפאָן אַרבעט מער נישט, דער טעלעגראַף איז איבערגעריסן, ס'איז עפּעס נישט אין אָרדענונג, פּאַנאָוויע". ס'געפעלט אים נישט די לופט אַרום. — „עס זעט אויס, ווי ערב מלחמה. די זשי־דעס פּאַקן זיך, זיי פילן עפּעס, די הינטישע זין. מיר מוזן עפּעס טאָן, זיי זאָלן נישט אַרויסגנבענען ס'פאַרמעגן פון סטאָקי. ס'וועט זיין מלחמה און זיי, די זשידעס, די שונאים פון פוילן וועלן אונדז פאַררוקן א מעסער אין רוקן. מען מוז עפּעס טאָן".

אַז פאַן ראַמאַן איז אויפגעשפּרונגען עפּעס פאַרלייגן, האָט זיך דער־הערט א שטאָלענער געוויש אין דער לופטן, וואָס האָט געשטיגן פון מי־נוט צו מינוט, און אויסגעפּילט דעם חלל אַרום מיט אומרו. דער נאַטשעל־ניק איז אויפגעשפּרונגען מיט שמחה:

— גאָט צו דאַנקען, אונדזערע אַעראָפּלאַנען קומען, אונדזערע!

ס'האָט נישט געדויערט קיין צוויי רגעס, ווי אַלץ האָט אָנגעהויבן רוישן, ברומען און די לופט האָט גענומען ציטערן, אַזש די הייזער זיינען אונטערגעשפּרונגען. דער נאַטשעלניק האָט נישט באַוויזן צולויפן צו דער טיר, ווי א גיהנומדיקער דונער, איינער און נאָך איינער, האָט זיך אויס־געמישט מיטן שטאָלענעם געוויש: שויבן האָבן געבראַזגעט, דער דאַך האָט געקנאַלט, די ווענט האָבן געפּלאַצט, ס'האָט זיך גענומען שיטן שטיק־לעך קאַלך, ציגל, הייליקע בילדער, וואַזאַנקעס, שטיינער און פייער. אָפּ־געהאַקטע יללות זיינען פאַרלוירן געגאַנגען אין שווידערלעכן דונערן. בסך הכל האָט געדויערט א קליינע ווײַלע, ביז ס'איז טויט שטיל געוואָרן די

ערעראָפּלאַנען זײַנען פֿאַרשוווּנדן ווײַט צו מזרח־צפֿון צו, און האַלב סטאַ־
קי איז געשטאַנען אין פֿלאַמען.
דער איינציקער אין שטעטל איז אוודאי געווען נתן, וואָס האָט זיך
נישט אײַנגאַנצן פֿאַרלוירן און גיך, גיך געקומען צו זיך. ער האָט אַ ריס
אויף געטאָן די שווערע הילצערנע טיר פֿון דער טיפֿער קאַרטאָפֿל גרוב
בײַ זײַן טאַטן אין דער גרויסער שטוב, און גענומען אײַליק ארײַנשטויסן
דאָרטן די מענטשן פֿון שטוב. אין אַ רגע זײַנען אַלע געלעגן אין גרוב,
באַנומענע פֿון שרעק און איבעררראַשונג. אַז אין דרויסן איז שטיל גע־
וואָרן האָט נתן ארויפֿגעקלעטערט אויפֿן לייטערל, מיטן קאָפּ אויפֿגעהויבן
די פֿאַרקלאַפּטע טיר, זיך ארומגעקוקט ארום און דערזען, אַז זײַן פֿאָ־
טערס הויז האָט גאָרנישט געשאַדט, חוץ די צעבראָכענע שויבן. אויף די
ווענט האָבן ארומגעטאַנצט רויטע געשפּענסטער, דער ארום האָט גע־
פֿלאַמט, נתן האָט אויפֿגענומען אַ פּאָר יונגטלעכע און איז ארויסגעלאָפֿן
אין גאַס, בעת ירוחמס זון מיט זאוועלען האָבן געהאָלפֿן ארויסציען די
מענטשן פֿון גרוב. זיי האָבן אין צעטומלונג פֿאַרגעסן אָן גאַסט און זיך
געכאַפּט ערשט אין אַ ווײַלע ארום, אַז ער איז נישטאָ און מיט אים די
יונגנט, וואָס האָט ערשט נישט לאַנג אַזוי פֿרײַלעך געהאָפּקעט דאָ אין
שטוב.
ס'זײַנען נישט אוועק קיין 5 מינוט, ווי ס'האָט זיך ווידער דערהערט
דאָס מאָוימדיקע גערויש פֿון ערעראָפּלאַנען. די מענטשן זײַנען, ווי משוּ־
גע, צוריקגעשפּרונגען אין גרוב, און בעת ס'האָבן ווידער גענומען זעצן
באָמבעס און זאוועלס גרוב האָט באַנומען געשרייען „שמע ישראל", איז
נתן צוריקגעקומען מיט עטלעכע חברה, וואָס האָבן געבראַכט צוויי פֿאַר־
בלוטיקטע מענטשן ביז נישט צום דערקענען, — דעם שכן מיעטשיסלאַוו
און דעם גאַסט, ראָמאַן וואַשילעווסקי.
— מער נישט באַוויזן. — האָט נתן געברומט ווי צו זיך. —
ס'גיהנום איז ארום. ווער האָט שוועבעלעך?
מיעטשיסלאַוו האָט נאָך געלעבט. אָבער ראָמאַן איז שוין געווען
אוים.
— נאַטוש, נאַטעק דראָגי, קאָכאַני — האָט מיעטשיסלאַוו גע־
קרעכצט.
— נישט באַוויזן ארויסשטעקן די נאָז — האָט נתן געענטפֿערט, —
קוים אריבער די גאַס...
— מיר ברענען, גוואַלד! גוואַלד! — האָט ירוחם געשריגן פֿון גרוב
ארוים — — — —
— יאָ, יאָ, מיר ברענען — האָט נתן געענטפֿערט — מיר ברענען!

# צעשטערט

בעת רבי נחום איז אראפּ פון שיף, האָט אים באַגעגנט די גאַנצע משפּחה, וואָס זיצט אין לאַנד זינט יאָרן: זין, טעכטער, שניר, איידעמס, אייניקלעך, קרובים און סתם באַקאַנטע.

רבי נחום איז געשטאַנען צווישן עולם אַ צעטומלטער. מיט אַ טרער אין אויג, מיט אַ צעוואָרעמט האַרץ; ער האָט נישט געוווּסט, וועמען פריער צו שטעקן זיין קנאָכיקע האַנט און אָפּנעמען שלום, וועלכעס אייניקל אויפהויבן, וועמען צודריקן צו זיך אָדער וואָסער ליכטיק קעפּל פריער צו גלעטן.

„סבא, אבא, אבא, סבא, רבי נחום, נחומטשע"...

ס'האָט אים געזונגען אַרום אַזאַ נאָענטע היימישע מוזיק, וואָס האָט אים אַרויסגעשלאָגן פון דער מחשבה צו פאַרגאַנגענע היים, פון וואַנען ער האָט זיך ערשט אָט איצט אָפּגעריסן מיט די וואָרצלען, מיט אַלעמען.

ווען מען האָט פאַרלאָזן דעם רהבותדיקן האַפן און אַלץ האָט זיך צעשפּרייט אין טומלדיקן אַרום, איז רבי נחום געבליבן אויג אויף אויג מיטן מיטלסטן זון — דעם „קבצן" פון דער משפּחה, וואָס איז געקומען צוזאַמען מיט זיינע צוויי בנים — אַ פּאָר געשפּרענקלטע בלאָנדע יונגאַטשעס, ליכטיקע, עזותדיקע פּנימער — אָפּנעמען דעם טאַטן; זיי האָבן אַ נעם געטאָן די קערבלעך מיט די פּעקלעך צוזאַמען מיטן „סבא" און צעשטראַלטע אַוועק צום אויטאָבוס.

רבי נחום איז שוין פאַרבליבן ביים מיטלסטן זון, דעם מוליער; ער האָט געפונען אַ היים אין זיין קליין דירהלע ערגעץ עק שטאָט אויפן שפּוע פון כרמל. ביסלעכווייז איז דער יום־טוב אַוועק, און די גרויע וואָכעדיקע וואָכן האָבן גענומען בייטן איינע די צווייטע.

מען קען נישט זאָגן, אַז רבי נחום האָט זיך די ערשטע צייט געפילט שלעכט אונטערן שוץ פון די אייניקלעך ביים מיטלסטן זון; פאַרקערט, די פּשטות און די זאָרגפעלטיקע באַציִונג האָבן אים געהאָלפן זיך אַריבערפלאַנצן אין דער נייער סביבה אָן איבעריקע יסורים. אמת, די ייִדישקייט האָט דאָ גוט אונטערגעהונקען — אָבער, די צייט לערנט אויך דעם מענטשן, ווער רעדט נאָך, ווען דעם זונס משפּחה האָט געטאָן אַלץ, כדי דעם „סבא" צו פאַרגיטיקן און פאַרלייכטערן אפילו אין דעם פּרט. די שנור איז געווען אַ גוטמוטיקע פרוי, וואָס איז אַרויס פון קבוצה, אַן אַרבעטזאַמע און געהאַלטן פון „כבוד אָב".

באלד, ווי רבי נחום איז געקומען, האָט זי צוזאַמענגענומעןביידע בנים און אין זיי אַריינגעטענהט, אַז די קיך וועט פון היינט אָן „רעאָר־גאַניזירט" ווערן — די מעסער און לעפל זיינען פליישיקע, יענע — מילכיקע; דאָס נעמלעכע מיט די טעפּ און טעלער. אָנהויבס האָבן זיך די יונגאַטשעס אַ ביסל געפּלאָנטערט, אָבער די שמחה מיטן „סבא" איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט זיך צו דעם אויך צוגעוווינט.

רבי נחום האָט געהאַט עגמת נפש פון דעם, וואָס מען האָט נישט געדאַוונט, און שבת נישט געגאַנגען אין שול. אָבער „זאָל מען נישט געפּרוווט ווערן, צו וואָס מען קאָן געוווינט ווערן"...

אַ פּאָר חדשים איז נחום געגאַנגען צו גאַסט צו אייגענע און פרעמ־דע, ער האָט באַזוכט די בעסער געשטעלטע זין און טעכטער, ווו מען האָט אים אויפגענומען ווי אַ טאַטן, מיט כבוד און מיט כיבוד, אָבער ס'האָט געווייעט מיט אַ קעלט פון זייערע אויפגעפּוצטע היימען און אַרויפגעצויגענער איידלקייט. רבי נחום איז פון דער היים געווען אַ קירזשנער, ער האָט מיטן קאָפּ פאַרלייגט פאַר די קינדער, זיי געלאָזט זיך „בילדן". פעיִקע זיינען זיי געווען, האָבן זיי זיך שוין ווייטער גע־דראַפּעט אַליין, מיט אייגענע קרעפטן. צוויי זין זיינען דאָ געווען פּקי־דים, איין טאָכטער אַ חתונה געהאַט אויף צאָן־דאָקטאָר, די צווייטע איז געווען אַ פּרעבליסטקע.

ביים מיטלסטן זון, דעם מוליער, האָט זיך רבי נחום געפילט זייער היימיש, דאָרטן האָט דער אַלטער צעהאָנגען איבער דער סאָפע אַלע פאַמיליען־בילדער אַרום דעם פּאָרטרעט פון דער מוטער ע"ה. די יונגאַ־טשעס האָבן עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד באַוואונדערט די אויסשטעלונג, גע־וווּנקען איינער צום אַנדערן מיט די אויגן און געחוזקט פון די אויסגע־פּוצטע אָנגעצויגענע „בורגנים" — אָבער מען האָט זיך אַזוי צוגעוווינט צום „סבא", אַז מען האָט פּרובירט איינטענהן מיט אים גאַנצע לשון קודשדיקע פּסוקים באַווירצט מיט אַלע יִדישע ווערטער, וואָס האָבן זיך ערגעצוו ביי זיי געוואַלגערט אין מוח.

אַז רבי נחום האָט זיך גוט אַרומגעקוקט אַזוי אַ האַלב יאָר שפּע־טער, האָט ער באַמערקט, אַז ביי זיין מיטלסטן זון איז עפּעס צו „קורץ" — נישט אַלע טאָג גייט ער צו דער אַרבעט, ער סודעט זיך מיט דער שנור, און די מאכלים זיינען על פּי רוב גרינצייג.

„פלייש איז נישט געזונט צום עסן אין היסן קלימאַט"; „פּוטער צעקריכט"; „אייער ווערן פאַרדאָרבן". היינט „זייט וויסן, שווער, אַז דאָס געזינטסטע עסן אין לאַנד איז ירקות, און די איינציקע זיינען ברוך־השם נישט קיין איבערקלייבער, זיי עסן אַלץ, זיי זיינען נישט קיין געצערטלטע ביי מיר — זיינען זיי". האָט די שנור געטענהט.

ר' נחום האָט געוווּסט, אַז פלייש איז אפילו נישט אַזוי שעדלעך,

און פּוטער קען מען האַלטן אויפן אייז, ס'זאָל נישט צעקריכן; אייער קען מען אויך קריגן פרישע, נאָר זאָל זיין אַזוי, ווי יוכבד זאָגט...

ס'זיינען געקומען נאָך שווערערע צייטן, ס'איז שטאַרק אומרואיק געוואָרן אין לאַנד. דער זון איז גאַנצע וואָכן נישט אַרויס צו דער אַר־בעט, און יוכבד פּלעגט גיין וואַשן וועש און פּאָדלאָגעס אין פרעמדע הייזער.

אמת, יענע זין און טעכטער האָבן געגומען פאָדערן, אַז ר' נחום זאָל וואָס לענגער זיין ביי זיי צו גאַסט. אָבער ר' נחום האָט געפילט, אַז די איינלאַדונגען זיינען נישט בלב שלם.

ס'האָבן זיך וואָלקנס אָנגעצויגן איבער דער שטילער היים פון עם זון, דעם מוליער. ר' נחום האָט זיך דערפילט איבעריקביים טיש אין דער קיך, וואָס האָט געדינט ווי אַן עס־צימער. ס'האָט זיך אים גע־שטעלט אַ יעדער ביסן אין האַלז. ער האָט דערפילט דעם אמתן טעם פון דער „גרינס ווירטשאַפט", און איז אַריינגעפאַלן אין קלעם: דאָרטן, ביי יענע זין און טעכטער איז אים אַלץ פרעמד געווען, אפילו דאָס אייד־דעלע באַנעמען זיך מיט גאָפּל־מעסער, מיטן ווייסן סערוועט, מיט די טיש־טכלעך; דאָ — ווידער, איז אַלץ היימיש, ס'איז היימיש און פּשוט אויף דער צעראַטע אין קיך — אָבער ס'איז צו קורץ...

האָט ער פּרובירט אַ רעד־טאָן מיטן זון, וועגן איבערגיין צו די ברידער. האָט אים דער זון אָנגעקוקט מיט אַזעלכע עגמת־נפשדיקע אויגן, אַז ער האָט מוותר געווען אויף דער מחשבה, און באַשלאָסן זיך „אַרומקוקן", מיט וואָס ער וועט קענען צולייגן אַ האַנט. קיין קאַליקע איז ער חלילה נישט. דאָס אומגליק איז נאָר, וואָס אין ארץ ישראל דאַרף מען קירזשנערייי אויף כפּרות, קיין פּעלצן טראָגט מען דאָ נישט, און פוטערנע היטלען טראָגן אפילו נישט קיין משוגעים. גיין אויפן גאַס פאַרקויפן ציגאַרעטן? — דאָס קען ער נישט; ס'איז נישט פאַר אים. איז ער שטילערהייט אַוועק אין הסתדרות. אמת, מ'האָט אים דאָרטן אויפגענומען בכבוד, פאַרשריבן זיין נאָמען, זיין טאַטנס נאָמען, דעם געבוירן־אָרט, און צוגעגעבן די נעמען פון די זין. האָט אים דער באַ־אַמטער אַזוי קרומלעך אָנגעקוקט, אַז ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ס'איז אַן אומזיסטיק גייעניש; ייִנגערע פאַר אים גייען אַרום מיט אויסגע־ווייכטע בלאַסע מאַזאָליעדיקע הענט, אַ פּשיטא ער, רבי נחום, געבוירן אין יאָר 1874...

ביטער, ר' נחום האָט זיך דערפילט ווי אַן איבעריקער, ער האָט זיך נישט געפונען קיין אָרט, און די מנוחה פון דער נאַכט איז פאַרביטן געוואָרן אויף אַן אָנגעווייטיקט בענקעניש נאָך דער אַלטער היים און מעמד.

נאָר אָט האָט זיך אָנגערוקט דער פאַרשאָלטענער האַרבסט פון 1939, ווע די באַרבאַרישע האָרדעס פון די טעווטאָנען האָבן זיך גע־לאָזט שעכטן און פאַרניכטן פוילן, ווען די וועלט איז אַריינגעפאַלן אין קאָנוווּלסיעס, וואָס האָבן אָנגעשפּאַרט ביז ארץ־ישראל. דעמאָלט האָט ר׳ נחום געפונען זיין תקומה. ער האָט געזען, ווי די שכנים רייסן־אויף די פּיצלעך אַרום די היימען און פאַרבאַהאַלטן דאָרטן זריעה, וואָס זאָל טראָגן פרוכט אין די שווערע טעג, וואָס קומען אָקעגן. ר׳ נחום האָט עס גוט אַריינגענומען אין געדאַנק, און נאָך לאַנגע דינגעניש מיטן זון, גע־פועלט, מען זאָל אים געבן אַ רידל, אַ פּיאָש מיט אַ קירקע. ביסלעכווייז האָט ר׳ נחום מיט זיינע אַלטע הענט גענומען אויפרייסן דעם שטייניקן הויפל אַרום דעם זונס הייזל. ס׳איז אים אָנגעקומען מיטן ביטערן שווייס, הענט און פיס האָבן געציטערט, און ס׳האַרץ האָט געהאַמערט. געזאַלצענער שווייס האָט גערונען פון אונטער דער יאַרמולקע ביזן צע־בלאָזענעם טלית קטן אויפן ווינט; אָבער דאָס געפיל פון אַרבעט און נוציקייט האָט ר׳ נחומען געקרעפטיקט און דערמונטערט ביז ער האָט גובר געווען די שוואַכקייט צוזאַמען מיטן פאַרוואַרלאָזטן הויפל און דאָס גאַנצע לעבן האָט באַקומען אינגאַנצן אַן אַנדער זין.

בעת אין הויפל זיינען אויפגעגאַנגען די ערשטע בליטן פונעם פאַרזייטן גרינס, האָבן די אַרומיקע אויפגעהערט צו קוקן מיט ביטול אויפן אַלטנס איינפאַל, ווער רעדט נאָך אַ פּאָר חדשים שפּעטער, ווען דעם זונס קיך־טיש האָט אָנגעהויבן געניסן פונעם מיזערנעם שניט.

די יונגאַטשעס, די אייניקלעך האָבן זיך ווי צוגעקלעפּט צום „סבא״ און זייער גאַנצע פרייע צייט האָבן זיי פאַרבראַכט צוזאַמען מיט אים ביי די בייטן.

צו זייער שמחה האָט נאָך דער טאַטע אויפגעשטעלט אין אַ ווינקל אַ באַראַקל — אַ שטייג פאַר עטלעכע הינער מיט טויבן. ס׳איז געווען אַ לעבן.

אַזוי האָט זיך ר׳ נחום אויפגעפירט אין ארץ ישראל. ער האָט דער־פילט אַ שטיקל טעם אין לעבן און איז געוואָרן אַ שמח בחלקו.

ר׳ נחומס פרייד האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן, ווייל אַ נייער אומרו און בהלה האָט פאַרכאַפּט דאָס לאַנד. די מלחמה האָט זיך אויס־געשפּרייט, און אירע פלאַמען האָבן זיך דערנענטערט צו די גרענעצן פון כנען. מיט ציטער און פחד האָט דער ישוב גענומען אַריינבליקן אין דער נאָענטער צוקונפט. אָט האָט מען גוזר געווען אויף דעם ליכט און אַרויפגעצוווּנגען די פינצטערניש אין לאַנד; אָט האָט מען גענומען ריידן פון עוואַקואַציע. ר׳ נחום האָט דערפילט, ווי דער באָדן וואַקלט זיך ווי־דער אונטער זיינע פיס; ער האָט גאָרנישט געקאָנט תופס זיין, ווי אַזוי

ער וועט זיך ווידער מוזן אפּרייסן פון באָדן, ווו ער האָט מיט אַזויפיל ווייטיק און פּראַצע, אָט אָקאָרשט געשלאָגן מיט נייע דינע וואָרצלען.

ווען ער פלעגט באַגינען אַרויס אין הויפל און באַקוקן זיין ווירט־שאַפט — מעשי ידיו — פלעגט אים פאַרקלעמען דאָס האַרץ, די קני פלעגן שטרויכלען, און די ציינער האָבן געשלאָגן איינער אָן צווייטן פון פּחד און אויפרעגונג, ביז יענעם ביטערן נאָכמיטאָג, ווען דער שטאָטי־שער אינזשיניער איז געקומען באַטראַכטן די קליינע הייזקע פון זיין זון, דעם מוליער. דער אינזשיניער האָט געשנאָכט, אין די ווינקלען, געגלאָצט צום סופיט, געטאַפּט די ווענט, און ווי אַ גזלן קאַלט געזאָגט: „יעס, איר קענט אייער בנין מיט גאַרנישט באַוואָרענער פון אַן אומגליק, אָבער זיך זעלבסט קענט איר יאָ באַשיצן; איר מוזט תיכף אָנהויבן גראָבן אַ שוץ־גרוב אין הויף, ווו איר וועט מער אָדער ווייניקער זיין באַשיצט אין אַן עת צרה"...

ס'האָט זיך דער הימל אַראָפּגעלאָזט אויף נחומס קאָפּ, און ס'האָבן נישט געקלעקט די בעסטע און שענסטע טרייסט־ווערטער מצד דעם זון און שנור.

ווען ר' נחום איז אַ פּרימאָרגן געקומען פון דאַוונען, האָט ער גע־טראָפן דעם זון, די אייניקלעך, צוזאַמען מיט אַ גוטן שכן — שטיין צווישן צוויי אָנגעצויגענע שטריקלעך, גראָבנדיק און רייסנדיק זיין אויסגעווייטיקטן גערטנדל, צוזאַמען מיטן זאַמד און שטיינער זיינען געפלויגן אין דער לופטן נישט קיין צייטיקע בוריקלעך, מערעלעך, רע־טעכלעך.

ביים זון, ביי די אייניקלעך און ביים שכן זיינען טייכן שוויים גע־רונען פון די פּנימער; ביי אים, ר' נחומען, און ביי יוכבדן זיין שנור, וואָס זיינען צוזאַמען געשטאַנען אין דער אָפענער טיר — זיינען הייסע טרערן געפלאָסן פון די אויגן.

# „שטיל־לעבן"

ווי אַ פאַרשעמטע שטייט איצט, דאָס דעמאָליקע הויז צווישן די גאַנצע, נישט באַרירטע מויערן אין יענער גאַס אין יענעם קוואַרטאַל „ערגעץ־ווּ" אין אַ שטאָט.

די מויערן, איינגעפאַסטע אין קאָלירטע גערטלעך, איינגעראַמטע אין שיינע פאַרקאַנדלעך, האַלטן פאַרמאַכט זייערע אויגן — די פענצ־טער, מיט די לעפּלעך — די לאָדן; זיי קענען נישט צוזען דעם צער און די חרפּה פון יענעם דעמאָלירטן הויז, וואָס שטייט אָרומגעפּליקט און אָרומגעריסן, צעלעכערט און פאַרשמוצט אין צעטראָטענעם גערטנדל און צעבראָכענעם פאַרקאַן.

וואָלטן זיי נישט געציטערט פאַר דעם זעלבן חורבן, וועלכער קען גרייכלעך אויך זיי פאַסירן אין יעדער רגע פון מעת־לעת, וואָלט זיי אפשר שטילערהייט הנאה געטאָן די מעשה; צופיל פאַרריסן און גאַוהדיק איז געווען יענץ דעמאָלירטע הויז... די גרינע זשאַליוזן, דער שיין געפּוצ־טער פאַסאַד, די מאַרמאָרנע טרעפּ, די קאַרניזן, די טעראַסן מיט די הענג־בלומען און בלערליי קאַקטוסלעך און קאָלירטע טעפּעלעך. הייינט ס'גערטעלע מיט די בלומען, מיט די פּיקוסן, מיט דער געפלעגטער אַקאַציע, מיטן געשוירענעם גראָז, און די סטעזשקעלעך, שמאָלינקע סטעזשקעלעך פון די זייטן אויסגעלייגט מיט ציגל, רויטינקע ציגעלעך מיט די שפּיצן אַרויף — צווישן זיי אָנגעשאָטן מושלעס פון בלערליי קאָלירן. הייינט דער דאַך, דער דאַך — רחבותדיק, ציכטיק, צעלייגט מיט אַ שיינער ראַדיאָ־אַנטענע אין דער מיט, וואָס זעט־אויס ווי דער אייפל־טורעם, אַזאַ שיין ניי הויז, אַ פאַרריסענע יפי־יפיה, וואָס איז ערשט פון נאָדל אַרויס אינמיטן 1939 — בעת אַלע הייזער אַרום זיינען שוין לאַנג אָפּגעלעבט, אָפּגעבלאַקט, פאַרעלטערט...

דער הויזווירט איז געווען אַ טייל פון דער פאַרריסענער יפיפיה. אַ שפּראָץ אויפן טאָג — איז ער שוין געשטאַנען מיטן הילכיקן געגנעץ אין שיינעם טויערל און אַכטונג געגעבן, אַז די מילך־ייִדן זאָלן, חלילה, נישט פאַרטראָגן זייערע קאַנען אין גערטנדל, און די ברויט־פאַרטיילער מיט די שיק־ייִנגלעך זאָלן זייערע ראָווערן נישט אָנשפּאַרן אין ערגעץ אָן אַ וואַנט פון זיין הויז, זיין שטאָלץ, זיין לעבנס־אידעאַל; אַ וואַנט

קראַצט זיך אָפּ. היינט האָט דער הויזווירט געהאַט אַ ביטערע מערכה מיט די גאַסן־קינדער, וואָס פּלעגן זשעדנע אויסקוקן די מושלעס פון זיינע סטעזשקעלעך. די אָוונטן, ווידער, זיינען אויך געווען אומרואיקע: — פאַרליבטע פּאָרלעך קענען זיך אָנשפּאַרן אָן זיין פּאַרקאַן און, חלילה, אָפּרייסן אַ בלימעלע, אַ ריטעלע, און די שעה זאָל נישט זיין, זיך אפשר אויסציען אויפן שיין־געשוירענעם גראָז פון זיין גערטנדל...

ביים סאַמע אריינגאַנג פון הויז איז איינגעפּאַסט געווען אַן עסטע־טיש שילדל מיט אַן אויפשריפט: „ביטע, נישט אריינפירן קיין הינט אין הויף. פאַר הויזירער איז דער איינטריט פאַרווערט". פונדעסטוועגן קענען הינט נישט לייענען קיין שילדן — פלעגן זיי זיך יאָ אריינכאַפּן אינעם הויף און זיך מחיה זיין אַרום די פעטע מיסט־בעקנס אינעם ווינקל ביי דער וואַש־שטוב. און הויזירער פלעגן גובר־זיין די שרעק פאַרן באַפעל און באַאומרואיקן די איידעלע איינוווינער פון דעם שיינעם הויז. די הויזירער האָבן הונגעריקע קינדער, וואָס וואַלגערן זיך אין נישט קיין שיינע הייזער... פלעגט עס דעם הויזווירט אַרויסברענגען פון די כלים, פלעגט ער זיך צאַפּלען פון צאָרן און כאַפּן אַ טיוקן פון זיין איידעלן „אַטרע־טים".

— אַזעלכע שווייניען — קבי־קבי־קבי —

— אַ לאַנד אָן מאָראַל, אָן געזעצן — קבי־קבי־קבי — —

— די שמוציקע הויזירער — קבי־קבי־קבי...

אינעם הויז גופא איז אויך געווען געגנוג צום היטן: יענער שכן האָט געקלאַפּט פשוטע טשוועקעס אין זיינע ווענט, דעם הויזווירטס ווענט. אַ צווייטן שכן פאַרגלוסט זיך דורכבויערן אַ טעראַסע און דורכשטופּן אַ דראָט, זיין טעראַסע! דאָ האָט אויפגעפלאַטערט אַ קנויט־לאָמפּ און פאַר־רויכערט אַ וואַנט, דאָרטן האָט אַ קינד משתין געווען פון פענצטער אַרויס און פאַרפלעקט די מאַרמאָרנע טרעפּ פון אַריינגאַנג, אַזאַ ווילד, נישט דערצויגן קינד! היינט די דינסטן מיטן לופטערן די דיוואַנעס און בעטצייג, מיטן שטויב, וואָס פאַלט פון איין דירה אין דער צווייטער. ווי־דער — די ראַדיאָ־גרילצעריי, דער ווילדער געלעכטער און די טאַנץ־אָוונטן פון ד׳ סובלאָקאַטאָרן, און דער משוגענער איינפאַל פון אַ שכנס אַ זון — אַזאַ פראַ־אַדמדיקער איינפאַל: זיך לערנען שפּילן פידל, דווקא, ווען מענטשן כאַפּן אַ דרימל נאָך אַ זאַטן מיטאָג...

די גרעסטע צרות האָט ער געהאַט פון דער איינציקער קעלער־וווינונג אין אונטערשטן טייל פון הויז, ווו ס׳האָט געלעבט אַ פּאָרפאָלק, וואָס האָט צוליב ווירטשאַפטלעך־עקאָנאָמישע טעמים נישט געקאָנט באַנוצן אַ פריזשידער, נאָר אַ פשוטן, אַלט־פרענקישן אייז־קאַסטן. די קעלער ווווי־נונג — דאָס איז געווען זיין ווונד, זיין אומגליק, זיינע צעשרויפטע

נערוון. שוין צוליבן בחור, וואָס ברענגט דאָרטן יעדן נאָכמיטאָג דאָס שטיקל אייז. דעם דאָזיקן בחור האָט ער געהאַסט ווי דעם טויט, ווייל זיין פּרצוף האָט אים דערמאָנט יענעם יונגאַטש, וואָס האָט ביי אים, אַמאָליקע צייטן, נאָך אין גלות, צוגעשפּילט אַ שטרייך. אַ בחור מיט אַ טשופּרינגע, מיט שטיקער אויטאָמאָביל־גומי אויף די הענט (רויטע גומי — אים צו להכעיס!), מיט אַ זעקל אויף דער פּלייצע, מיט שטיק טריפנדיק אייז, גייט ער, דער בחור, טשאַפּט־טשאַפּ־טשאַפּ, פּויקט מיט זיינע פאַר־גרעבטע שיך אין דער מושלעם־סטעזשקע, און פונעם אייז טריפט וואַ־סער אין זיין הויף. אַזוי טאָג־איין, טאָג־אויס, ביז סאַמע חנוכה־צייט...

***

אין פראָנט איז געווען אַ שיינע ליכטיקע דירה. פון אַ פּאָר ציכטי־קע צימערן, פול מיט כלערליי מעבל־שטיק, גאַרדינען, ביכער־שרענק, ביל־דער וכדומה, וואָס איז צאַרט און זאָרגפעליק אָפּגעהיט געוואָרן פון זייער אַ זאָרגפולער סימפּאַטישער שכנטע. יעדער מעבל־שטיק איז געשטאַנען אויף אָן אָרט, אַלץ האָט געשימערט פון זויבערקייט, וואָרום, צוריקגע־רעדט, האָט מען אין דער דירה אויפגעפּאַסט אויף דאָס מינדסטע מיטן טיפסטן פּעדאַנטיזם, ווי אויף אַ הייליקייט. די פּאָר ווייכע שטולן — איי־בערגעצויגן מיט טשוכאָלן, דער שרייבטיש באַדעקט מיט גלאָז, די ביל־דער פאַרהאָנגען פון דער זון, דער שיינער לאָמפּ — געפּוצט אָן דעם מינדסטן שפּרענקעלע. די שכנטע פלעגט ביי אירע דינסטן פאָדערן, טיף אָפּשניידן די נעגל, זיי זאָלן ביים פּוצן, חלילה, נישט צעקראַצן אַ פּאָ־ליטורטע ווענטל פון אַ שאַפע, אָדער אַ קריסטאַל־וואַזע.

צו יעדן אָביעקט פון די מעבל און כלים זיינען געווען פאַרשידענע שמאַטקעלעך צום פּוצן, ווייכינקע, זויבערע, ווי ווינדעלעך ביי ערשטליג־גען. סוף כל סוף איז יעדער מעבל־שטיק און יעדער כלי אַ שטיק געשיכ־טע פון אַ שטילן פרידלעכן פאַמיליען־לעבן: — דאָס האָט מען געקויפט צו איר געבורטסטאָג, יענץ — צו זיין געבורטסטאָג, די וואַזע איז אָפּ־געשפּאָרט פון אַזאַ נסיעה, יענער קליאַש פון אַן אַנדער נסיעה, דער שיינער זייגער — אַ מתנה פון זיינע עלטערן, די זילבערנע לייכטערס — דער חתונה געשאַנק פון אירע עלטערן, די ביכער זיינען ווי אייגענע קינדער, נאָענטע, טייערע, — קומען די קילע אָוונטן, זעצט מען זיך אַריין אין פאָטעל און מען שווימט אַוועק אין אַ בוך, ווי אין אַ שטילן ים אויף אַ ווייטער וווּנדערבאַרער תענוג־נסיעה...

די קיך איז דאָך די פעסטונג פון דער טראַדיציאָנעלער הויז־פרוי, ווו זי פאַרברענגט ס׳רוב פון איר צייט, און די קיך, וואָס מיר דערמאָנען

דאָ, איז געווען אַ מוסטער־קיך, ווו יעדער זאַך איז געווען אויף אַן אָרט מיט אַ סדר, ווי אין אַן אַפּטייק: די טעפּ, די פּאַנען, די טעלער, די כלער־ליי בשמים־מעסטלעך, די שטויסלעך, דאָס קאַפּע־מילעכל, די פליישׂ־מאַ־שינקע, די ריב־אייזנס, די כלערליי ברעטלעך, לעפלען און לעפּעלעך, וואַלגער־העלצער, פּלעט־אייזן, די כלים־שאַפּ, דער בופעטל — און דער שטאָלץ, די קעניגין פון דער קיך, דער אויסדרוק פון דער מאָדערנער צייט, וואָס האָט גורם געווען צו רעדוצירן ס'געהאַלט פון דעם דינסט־מיידל, מיט נאָך אייניקע שטוביקע הוצאות, — דער פריזשידער!

ווי דאָס אַלץ האָט געבלאַנקט פון ריינקייט, ווי יעדער זאַך האָט זיך געהאַט זיין אָרט — ביזן זאַמד־צייט־מעסטער אָפּצוקאָכן די אייער נישט שיטער, נישט האַרט, ווי ע ר, דער קעניג, דער באַוווינער פון דער דירה האָט ליב.

***

אַזוי איז זיך די צייט געפלאָסן ביזן דעם מאָוימדיקן פאַרשאָלטענעם דונערן, וואָס האָט פון הימל אַראָפּ צעלייגט זיך איבער דער שטאָט, ביז דער באַמבע, וואָס האָט פּונקט אויסגערעכנט צו פאַלן ביי יענעם הויז, דער יפיפיה.

גאָט צו דאַנקען, וואָס קיינעם האָט נישט געשאַדט, וואָס קיין טראָפּן בלוט איז נישט פאַרגאָסן געוואָרן אין יענער באַפּעלקערטער געגנט, אָבער דאָס הויז איז דעמאָלירט, צעפליקט דער שיינער טונק, צעריסן די זשאַ־ליוזן, צעהאַקט די פענצטער און שויבן, צעבראָכן דעם שיינעם פאַר־קאַנדל, און אין יענער דירה — סדום ועמורה, אַלץ איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ, געלעסטערט און געשענדעט די הייליקע אויסגעהיטע פּע־דאַנטישע אָרדענונג; ביכער וואַלגערן זיך אויף דער ערד, שויבן אין די שאַפעס צעבראָכן, דער זשיראַנדאָל צעשמעטערט, די טשעכאָלן צעריסן, און צו אונדזער בושה קריכן אַרויס די פאַקעלעס פון די אָפּגעריסענע פאַטעלן, ווי להבדיל געדערעם ביי לעבעדיקע וועזנס... די קיך איז צע־מורשט און צעניזקט, אַלץ אויסגעמישט אין איין הויפן: בעבלעך מיט קאַווע, זאַלץ מיט פּודינג, צימערינג מיט מעל, אימבער מיט זאַפרען — אַ גרויסער באַרג צרות אין אַזאַ קליינער, נאָר וואָס געוועסטע אויפגערוימ־טער קלאַסישער קיך...

דער הויזווירט איז אַלט־גרוי געוואָרן במשך פונעם שרעקלעכן טאָג. ער גייט אַרום אַן אַ ראָק אין די ברייטע העמד־אַרבל, די שעלקעס אויף די הויזן נישט אומעטום פאַרקנעפּלט — און זיין הויז איז פול מיט מענטשן, וואָס קריכן אַריין אומפאַרשעמט אין יעדער שפּאַרע, ווי ווע־רים, קריכן אויפן געשווירענעם גראָז, באַטאַפּן די ווענט, זאַמלען שפּלי־

טער לזכרון. און קינדער, די גאַסן־קינדערלעך שלעפּן אָן רחמנות פּולע קעשענעס מושלעם פון הויף אַרויס. קיינער שטערט זיי נישט... האָט דער גורל געוואָלט, אַז אַ שטיק שפּליטער האָט געטראָפן אין עסטעטישן שילדל ביים אריינגאַנג פון הויז, וואָס האָט באַפוילן די הויזירער און הינט נישט צו באַטרעטן די שוועל — איז נאָר געבליבן פון דער גאַנצער שריפט ס'איינציקע וואָרט „פאַרווערט", און דאָס שיינע, פּרעכטיקע הויז, די פאַרריסענע יפיפיה, ווי זי זעט אויס, וואָס פאַר אַ פּנים עס האָט!

פאַרנאַכט זיינען זיי ביידע געזעסן אויפן טרעפּל פון דער קעלער־וואוינונג: ער, דער הויזווירט, און דער אייז־יונג. דער אייז־יונג האָט אים געטרייסט און געלייגט קאַלטע טיכער צום קאָפּ. אָפּגעריסן האָט ער איינ־געטענהט:

„נישט ג'זאָרגט באַלעבועס, ד'מלחמה ט'זיך ענדיקן, נישט ג'זאָרגט באַלעבועס".

# דער מאַנטל

עס גייט דאָ וועגן אַן איינפאַכן ווייבערישן מאַנטל פון גראַנאַטענעם קאַמגאַרן, מיט אַ ברייטן קראַגן, גרויסע קנעפּ, אַן אויסגענייטן גאַרטל מיט אַ ביינערנעם שנאָל; קורציק געהאַפטע ווינקעלעך און אַ פיינעם, דינעם, זיידענעם אונטערשלאַק, וואָס האָט געטוליעט ראָניען וואָסערע פופצן יאָר — פון אירע אָנהייב צוואָנציקער ביז קרוב פערציק. אָט די פופצן יאָרעלעך, וואָס זיינען ביים מענטשן, אַזוי צו זאָגן, די שענסטע פון לעבן.

אוודאי זיינען עטלעכע פון זיי אויך ביי ראָניען געווען שיינע, פריידיקע, בליענדיקע, ווי עס פּאַסט פאַר אַ ראָניע, אָבער... נאָר לאָמיר לאָזן דעם מאַנטל, וואָס ליגט איצט ביי רפאל דעם אַלטוואַרג־הענדלער אין מאַרק, וואָס זיין אויסזען, דאָס חשיבותדיקע, און זיינע אָנגענעמע ריחות, רייצן די נעזער פון די נישטערער אינעם נידעריקן געוועלבל, ער זאָל, אויף זיין שטום־לשון דערציילן. ער איז שטום? ער האָט נישט קיין לשון? נישקשה! זיין יעדער שנאָלעכל, זיין יעדעס האַפטעלע, שפּיצעלע און קנעפּל,ריידן מיט אַלע מענטשלעכע לשונות...

מיט אַ יאָר פופצן צוריק האָט זיין באַלעבאָסטע ראָניע געוווינט אין אַ גרעסערער שטאָט אין ליטע, געענדיקט גימנאַזיע און זיך גערקליבן אין דער אוניווערזיטעט. אין דער היים איז דעמאָלט געווען פון כל טוב, דער פאָטער האָט אויסגעקויפט אָנצאָליקע קלאַפּטער האָלץ און געטריבן טראַטוועס אויף דער ווילִיע און ניעמען ביזן באַלטישן ים. קונים אויפן האָלץ זיינען געווען גענוג: דייטשן, ענגלענדער, פוילישע און האָלענדער. ס'האָלץ איז געווען מכל המינים: דעמבעס און בערעזעס, גראַב און איוועס, סאָסנעס און אַנדערע. און אַ ריח האָט פון זיי געשלאָגן אַזאַ געזונטער, אַ שמעקעדיקער, דער ריח פון טיפע וועלדער, פון סמאָלע, פון גרינעם מעך.

איר פאָטער, מיטן פריצישן הלוך און צעקעמטער בלאָנדער באָרד, אין דער בעקעשע מיט דעם קאַראַקולענעם היטל און פעסטן סענקאָטן שטעקן, האָט אַליין אויסגעזען, ווי אַן אַלטער דעמב און האָט געשמעקט מיט די ריחות פון אַלע וועלדער אין ליטע מיט זאַמעט צוזאַמען. די היים אירע איז געווען פעסט און מאַסיוו איינגעפונדאַמענטעוועט, ווי די דעמבעס אין זייערע וועלדער, מיט טיפע וואָרצלען, געשלאָגענע אין דער ערד פון דור דורות. ווער ווייסט — אויב נישט פון די צייטן, ווען טראָק איז נאָך געווען אין דער פולסטער גדולה; ווען מעד האָט זיך

געגאַסן, ווי וואַסער און עלטער־עלטער־זיידעס מיט גרויסע בערד און שווערע ברעמען האָבן צווישן איין סיום ש״ס מיטן צווייטן אויסגעפירט די גרעסטע געשעפטן מיט די אָנגעזעענסטע כּראַביעס, פּאַנעס און פּרי־צים.

און אַז שונאי־ישראל האָבן זיך גענומען אויסהאַקן די ייִדישע דעמ־בעס, פּלעגן זיי אָנדינגען פּויערים, אָנשיכּורן זיי, געבן אַ מתּנת־יד, פּאַר־דולן זיי די קעפּ, און יענע אָרעמע פּלעגן באַפאַלן אין די נעכט די טראַט־ווערס אויף די טייכן, אָפּהאַקן די בינדונגען, פונאַנדערלאָזן דאָס האָלץ, ממיתן די קאָנזאַרטניקעס*), אונטערצינדן די בײַדלעך, און זיי אַוועקגע־לאָזט מיטן רויך.

איז ראָניען ענג געוואָרן די היים, איז איר שווער געוואָרן צו קריגן יעדן חודש דעם טאַטנס שכר אין דער גרויסער שטאָט, ס׳איז איר אומע־טיק און הויל געוואָרן אין דער פאַרסמטער ליטע.

האָט ראָניע איינמאָל אַ שמועס געטאָן מיטן טאַטן, אַז זי מיינט, אַז זי טראַכט, הייסט עס, אַז לערנען קען זי גאָר אין ירושלים (זי האָט זיך דאָס דערוווּסט ביי אירע ניי־באַקאַנטע בחורים, וואָס גרייטן זיך אויך אַהין). זי וועט דאָרט לערנען נאָכמיטאָג, און ביז מיטאָג וועט זי אַרבעטן, אַזוי איז דאָרט די מאָדע. וועט זי, הייסט עס, נישט פאַלן דעם טאַטן צו לאַסט, און וועט זיין גלייכצייטיק דער „מרגל״ פון דער משפּחה אין ווייטן לאַנד, ווו אַלע ייִדן וועלן זיך סוף כּל סוף אַריבערקלייבן און לעבן מיט פעלקער גלייך.

דערהוויל איז די מוטער געשטאָרבן. דער פאָטער — איינגעבראָכן, די בייזע ברעמען אויף די אָדלער־אויגן — ווייך, רחמימדיק. ס׳נעמט אים ציטערן אַ האַנט, ס׳ווערט געליימט אַ פוס, דער הילוך איז מער קיין הילוך נישט. צוויי זין פּרוּוון ראַטעווען דעם עסק מיטן האָלץ און זיי באַגראָבן אַלץ, וואָס דורות פעסטע ליטווישע פריצישע גאַווה־ייִדן האָבן אָנגע־זאַמלט. און אָט שטאַרבט אַוועק דער טאַטע אויך און קיינער שטערט מער נישט ראָניען אָנלאָדן צוויי קערב מיט קליידער, מיט היימישע וועש, מיט אַלבאָמען, מיט ביכער, און קלייבן זיך אין וועג קיין ארץ־ישראל.

ס׳איז דעמאָלט געווען דער 5־טער יאָר פון איר לעבן, אַ בליענדיק, אויסגעפורעמט מיידל, אַ שיינהייט, ווי עס האָט זיך די ברידער אירע געדוכט, איז מען אַוועק איבער די שניט־קראָמען, מיטגענומען חברטעס, מבינים און געמאַכט דעם באַרימטן מאַנטל. דער מאַנטל האָט זי באַ־גלייט אין וועג, דער מאַנטל האָט זי געטוליעט, איר געוואַרעמט, איר גע־מאַכט היימלעכער.

אויף דער שיף האָט ראָניע זיך באַקענט מיט אַן עולם צאַפּלדיקע

---

*) די מענטשן, וואָס טרייבן דאָס האָלץ אויפן וואַסער.

חברה, זייער פריילעכקייט האָט זי געמאַכט פאַרגעסן אין דער אוניווער־
זיטעט צוזאַמען מיט דער הייליקער ירושלים און זי איז פאַרבליבן אין
דער צפונדיקער פּאָרט־שטאָט אין סאַמען טויער פון ארץ־ישראל.

די ערשטע פּאָר טעג זיינען פאַר ראַניען אַוועק ווי אַ שכרותדיקער
יום־טוב. זי האָט געטאָן אַלץ וואָס אַלע ייִדישע טעכטער האָבן געטאָן
אין א"י. זי האָט געשפּאַלטן שאָטער און אַ תל געמאַכט פון אירע צאַרטע
ציטריקע לאַנג־פינגערדיקע הענט, וואָס זיינען געוואָרן ברוין און פאַר־
האַרטעוועט, ווי לעדער; זי האָט געלאָזט אָפּהאַקן די שווערע שמעקעדי־
קע צעפּ, זי האָט געלאָזט דערטרינקען איר שטילן היימישן אומעט און
טרויער אין צאַפּל, אין טומל, אין קאָך פון לעבן פון אַרום.

וועמען זי האָט געליבט האָט איר נישט געליבט, ווער ס'האָט זי
געליבט איז איר נישט געווען צום האַרצן, די נגידישע גאווה פון דור־דורות
האָט איר פאַרפּאַנצערט ווי מיט אַ מויער, און זייענדיק מיט אַלעמען
חבר, גוט ברודער, פריינטלעך, איז עס געווען בלויז אויסערלעך, פון אויבן,
ביז דער שוועל פון איר מיידלישן צימערל, דעם קדשי־קדשים, דעם איינ־
ציקן מקלט פון טומל אַרום. ביז דאָרט און ווייטער נישט.

אין צימערל פאַר זיך, פלעגט זי קיינמאָל נישט טראָגן דעם דרויסנ־
דיקן הלוך, נישט די קורצע הויזלעך, נישט די צעפּאָרענע שיך מיט די
גראָבע זאָקן, נישט די אָפּגעבליאַקעטע בלוזקע, נישט דאָס קאָלירטע טיכל.
געקומען אהיים, קודם־כל אראָפּוואַשן פון זיך די גאַס, אראָפּוואַרפן די
קליידער, אָפּטרייסלען דעם גאַנצן דרויסן און זיך איינטוליען אין די
היימישע בגדים, אין די זיידענע וועש, זיך פאַרגראָבן אין בעט כלומרשט
אין אַ בוך, בעת אין דער אמתן — האָט זי גאָר זיך צוריקגעקערט אין
דער ווייטער פאַרלוירענער נגידישער היים פון טאַטן דעם האָלץ הענדלער,
וואָס האָט געטריבן וואַלד איבער דער וויליע און ניעמען ביז די דעלטעס
פון באַלטישן ים...

די יאָרן זיינען אַוועק ווי בליצן, די היימישע קוישן זיינען ליידיק
געוואָרן. צייטן האָבן זיך אָנגערוקט ביטערע, יאָרן הונגעריקע, טעג פון
נויט און מאָרד; אָט נייער אויפקום, באַלד ווידער ירידה און אָט — הור־
ליען אַוועק דריי יום־טובדיקע יאָרן פון שפע, און ווידער — אומרואיק,
ס'לאַנד פיבערט אין בוי, אין עליה, און אין בלוט און קרבנות...

ראַניע איז אויף אַ דרך מיט אַ ווילן בחור, אַ היימישער ליטוואַק
פון איר נגידישער ראַסע. ער האָרעוועט ווי אַ שלאָסער אויף דער באַן,
און קען אַלע לידער פון פושקינען אויף אויסנווייניק. ראַניע ליבט אים,
ער ליבט זי, נאָר ווידער דער נגידישער פאַנצער! זיין קליינשטעטלדיקע
צניעותדיקע שעמעוודיקייט, רייצט זי אויף. די איבערגעפּולטע הערצער
קענען זיך נישט צונויפרעדן ביז, ביז — די באַן איז אַרויף אויף אַ מינע,
דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך איבערגעדרייט און דערדריקט אונטער זיין

אייזערנער לאַסט ראַניעס האָפֿנונג: — דעם שטילן ליטווישן בחור, דעם שלאָסער, וואָס האָט געקענט אַלע לידער פֿון פּושקינען אויף אויסנווייניק. ער האָט מיטגענומען ראַניעס דמות אין קבר ווי דעם היילּיקסטן סוד.

און זי, ראַניע, איז פֿאַרשטומט געוואָרן. זילבער האָט זיך גענומען פֿעדימען אין אירע אַמאָליקע שמעקעדיקע האָר, ס'פּנים איז שפּיציק געוואָרן, קנייטשלעך האָבן זיך צעלייגט אומעטום ווו ס'האָט זיך געלאָזט, די אויגן אויסגעלאָשן, אויס ראַניע. אין דער לאַנגער ריי פֿון די אַרבעטסלאָזע פֿרויען אין טוכלען, תּמיד אָנגערויכערטן צימערל פֿון אַרבעטסאַמט אין דער פֿאָרט־שטאָט איז זי שוין אַ „ותיקה" — אַ מענטש מיט סטאַזש, עס קומט איר שוין!...

האָט זיך אַלץ געענדיקט? — אַלע חלומות, אַלע האָפֿענונגען? ניין. דער מאַנטל, דער היימישער מאַנטל פֿון גראַנאַטענעם קאַמגאַרן מיטן ברייטן קראַגן, גרויסע קנעפּ, מיטן אויסגענייטן גאַרטל מיטן ביינערנעם שנאָל, מיט די שפּיצלעך, מיט די קונציק געהאַפּטע ווינקעלעך און אָפּגעטראָגענעם פֿונעם זיידענעם אונטערשלאַק. דער מאַנטל איז איר נאָך געבליבן.

אין די אָוונטן, אַז זי גייט מיט אים טוליעט זי זיך אין אים און אָטעמט איין זיין טיף־באַהאַלטענעם פֿיינעם היימישן ריח. זי פֿאַרדעקט מיט אים די אָפּגעטראָגענע אַלטע זויבערע קליידלעך, וואָס זי האָט זיבן מאָל שוין איבערגענייט, געדרייט און איבערגעדרייט. אין אים, אינעם מאַנטל, ליגט איר גאַנצע חיות, די רעשטן פֿון דער נגידישער גאווה, איר גאַנצער סם־החיים, דער טייערער דערלייזנדיקער מאַנטל!

געהיט האָט זי אים ווי דאָס אויג אין קאָפּ, ווי די פֿאַרוועלקטע טייערע זכרונות פֿון איר פֿאַרלאָפֿענער יוגנט, געהיט האָט זי אים ווי ס'רעשט, וואָס איז איר פֿאַרבליבן פֿון אַלע האָפֿנונגען.

צוזאַמען מיטן בחור האָט זי פֿאַרלוירן איר אַמביציע און גדר קיין מאָל נישט גיין אַרבעטן הויז־ווירטשאַפֿט, ווי אַ דינסט. ס'איז איר געוואָרן אַלץ־איינס. וואָס איז דען די נפקא־מינה? — אַרבעט זי אָפּ די 8 שעה ביים רייבן פּאָדלאָגעס, ביים וואַשן און פּוצן פֿענצטער, ביים שייערן קיך־כלים, טישן און בענקלעך, אָדער ביי וואַשן פֿרעמדע וועש, גייען די טעג, לאַנגע, בלייענע, שווערע ווי שטיינער, ציען זיך אָן אַ סוף.

ברענט איצט די וועלט אַרום אין צרות און־סופֿיקע חורבנות, אומגליקן, בלוט, יסורים און טרערן — אַ וועלט אין מלחמות און פֿאַרניכטונג. אָבער זי, ראַניע, לעבט זיך איר גרוי לעבן, ענדיקט די טעג אַרבעט קומט אַהיים, טוט אָפּ אירס און — — — טוט זיך אָן, די אָפּגענוצטע קליידלעך, טוליעט זיך איין אין מאַנטל, לאָזט זיך בלאָנדזשען אין די

רווישיקע גאַסן, זיצט פּאַראומערט אין שטאַטישן שפּאַציר־גאָרטן, דער־ווייטערט זיך פון מענטשן, גייט אין טוכלען אָנגערויכערטן צימערל פון אַרבעטס־אַמט, פאַרשרייבט די אַדרעסן וווּ מאָרגן צו גיין אַרבעטן, מענטשן קענען זי שוין, ווייסן איר אַרבעט, ווייסן און פאַרשטיין איר שווייגן...

***

אין איינעם אַ ליכטיקן טאָג, בעת זי האָט גלייכגילטיק געפּוצט די שויבן אין אַ נגידיש הויז, האָבן זיך די אַלאַרם־סיגנאַלן צעוואָיעט, ווי ווילדע הונגעריקע וועלף. אַ בהלה האָט אַרומגעכאַפּט די גאַס. מ'איז גע־לאָפן, געשפּרונגען, געשטויסן איינער דעם צווייטן און געזוכט שוץ אין לעכער, קאַנאַלן, אין גריבער.

דעם פרעכטיקן מיטן־זומערדיקן טיף בלויען ארץ־ישראל־הימל האָבן געשענדעט ברומיקע שטאָלענע פייגל, וואָס האָבן דורשטיק געגאַרט נאָך בלוט און נצחונות. כהרף־עין, ווי אַ דונער, מיט פייער און פלאַם אָנגע־טראָגן טויט פאַר אַ פּאָר צענדליק פרידלעכע מענטשן, מענער, זקנים, פרויען און קינדער, צווישן וועלכע מ'האָט אויך קוים דערקענט דעם גע־שענדעט־צעריסענעם קערפּער פון דער שווייגערין ראָניע.

***

נאָך ראָניען איז קיינער נישט געבליבן. די שכנים האָבן זיך דער־בארעמט איבער דער ירושה, און — דער מיוחסדיקער מאַנטל, וואָס האָט באַגלייט ראָניען אַ אירע דערוואַקסענע פופצן יאָר, וואַלגערט זיך איצט אַ פּאַריתומטער ביי רפאל דעם אַלט־וואַרג־סוחר אויפן אַלטן מאַרק איז דער צפון־שטאָט און דערציילט וועגן זיין באַלעבאָסטע מיט די אָנגע־נעמסטע ריחות זיינע.

# אין מדבר

שוין דריי מעת־לעת, ווי אין מערב־מדבר בושעוועט א זאמד־שטור־רעם: נישט קיין הימל און נישט קיין ערד, נאָר אַ שווערע נעפּלדיקע גע־דיכטעניש; בייטאָג אָנגעגליט, ווי אַ קאַלך־אויוון, ביינאַכט שניידט די קעלט, ווי אַ מעסער.

דער ווינט הילכט און פייפט, און פון ווייטן דונערן שווערע האַר־מאַטן, באַגלייט מיט קאַלירטע בליצן, וואָס דערגאַנצן די גיהנום־סימ־פאָניע.

נישט דער גאַנצער מדבר איז נאַקעט, ווו־נישט־ווו וואַרפן זיך דורך וועלדלעך פון דערנער און משונהדיקע קוסטעס, וואָס זיצן טיף פאַר־וואָרצלט אינעם זאַמד און נאָגן־אויס דעם מינדסטן טראָפן פייכטקייט און טוי. זעען זיי אויס, ווי אינדזלען אין די נישט־גלייכע אָנסופיקע געלבלעך־גרויע פליינען.

פאַראַן אויך אָאַזיסן אין מדבר; עטלעכע לולבים, אָדער אַנדערע משונהדיקעביימער, אַ קוואַל מיט אַביסל גרינס אַרום, אַמאָל אפילו דערפלעך, קיינמאָל נישט געהערטע און נישט געזעענע, ביז עס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן די חיילות פון אַלע פעלקער און קאָנטינענטן 1940, און זיך צונויפגעגאָסן דאָ מיט די זאַמדן און שטורעמס מיט די היצן און קעלטן און געוואָרן אַ טייל פונעם מדבר.

אַהער איז מגולגל געוואָרן כאַצקל גורני, אַ סאָלדאַט פון אַ ייִדישער פאָרמאַציע פון ארץ־ישראל אין דער ענגלישער אַרמיי, אַ וואַסער־צעפי־רער פאַרן אָנגעגליטן פראָנט. אין אַ יאָר צייט האָט כאַצקל אויסגעלערנט אַלע וועגן און שטעגן פון מדבר, ווי אַ בלוט־ריינער בעדואינער, וואָס וואַנדערט דאָ אום מי יודע, ווי לאַנג.

בסך־הכל נאָך מיט צוויי טעג צוריק איז דאָ כאַצקל געפאָרן מיט זיין וואַסער־טון אויף אַן אויטאָ, איינגעשפּאַנט אין אַ ווייט־אויסגעצוי־גענעם קאַראַוואַן, געפירט דאָס טייערע וואַסער פון ערגעץ אַ פאַרוואָרפן אָאַזיסל פאָראויס צום פראָנט. געווען איז דער קאַראַוואַן אַ שפּאַן פון דער פייער־ליניע. האַרמאַטן האָבן געדונערט און קוילנוואַרפערס האָבן געשטעפּט, גראַנאַטן האָבן זיך געריסן אַרום, מינעס האָבן געפּלאַצט און אויבן האָבן עראָפּלאַנען געריסן די הימלען.

אַ ווײַלע האָט פּלוצים אויפגעהערט דער צפון־ווינט פון ים. דער חלף־שאַרפער זאַמד האָט מער נישט געשניטן דאָס פּנים. ס'איז געוואָרן טונקל און געדיכט. דער האַרמאַטן־דונער האָט זיך פּאַרטעמפּטער דערווייטערט ביז עס האָט פונדאַסניי אַ משונהדיקער געוואָי אײַנגעהילט דעם גאַנצן אַרום. נישט טאָג, נישט נאַכט. כאַצקל איז געבליבן שטעקן אין דער אָנגעגליטער געדיכטעניש; זאַמד אין פּנים, אין די אויגן, אין מויל, אין נאָז. זאַמד, זאַמד, זאַמד. אַ בינטל בליצן שנײַדן דורך די געדיכטעניש און אַ טעמפּער אויפּרייס בריט כאַצקלען אָפּ. עס רײַסט אים אַוועק פון אָרט און אַ שלײַדער אין אַ תהום. מער געדענקט ער גאָרנישט.

ווו, וואָס, ווען?

מיטאַמאָל האָט כאַצקל דערפילט זיך, זיך אַליין. דערפילט, אַז עס פעלט אים לופט. ווי גוט וואָלט געווען אויפצואָטעמען, אָפּצוהוסטן. ווי גוט.

אָט גיט עפּעס אַ שפּאַר און ער גיסט: איינמאָל, צוויי מאָל; ער גיסט ווײַטער, ווי די ברוסט וואָלט געפּלאַצט, און דער הוסט רײַסט אים אויף ס'מויל. ער ברעכט־אָפּ און ס'ווערט אים לײַכטער. דאָס מויל איז אָפן; הויל אין דער נאָז. ס'ווילט זיך פונאַנדערנעמען די הענט, אויסשטרעקן די פיס, נאָר ס'גייט נישט. ער ליגט ווי געקליימט. נעמט ער צורוויף ס'ביסל חיות און גיט זיך אַ ריר. באַלד דערפילט ער, אַז ער ליגט פאַרשאָטן, באַגראָבן. בלויז דער קאָפּ איז פריי. רוט ער ווידער און ווייס נישט ווי לאַנג, ביז ער נעמט זיך צונויף און גיט זיך אַ דריי — ס'גייט!

ער איז בלויז פון זאַמד פאַרווייעט. נאָך אַ דריי, און — ס'אַראַ גליק: ער קען רירן מיט אַ האַנט!

הייבט ער אויף אַ האַנט און באַטאַפּט זיך. ער דערפילט זיך אינגאַנצן, און נעמט שאַרן מיט דער האַנט אַרום. שאַרט ער און שאַרט ביז די צווייטע האַנט ווערט אויך פריי און דאָס גליק ווערט גרעסער. ער רוט ווידער, נישט צו וויסן ווי לאַנג. דוכט זיך אײַנגעדרימלט. ער כאַפּט זיך אויף און נעמט שאַרן מיט ביידע הענט, ביז ער דעקט־אויף דעם אויבערשטן טייל פון גוף. ער רוט נאָך אַ ווײַלע און זעצט זיך מיט מאַטערניש אויף. די הענט כאַפּן דעם קאָפּ. יאָ, ס'איז דער קאָפּ. אָט איז דאָס שטעכעדיקע פּנים, די האָר, זײַנע צעקודלטע האָר, פול מיט זאַמד. אָט איז די נאָז. ס'טוט וויי. וויל ער אָנרירן די אויגן, און וואַגט נישט, ער נעמט זיך צונויף און לאַנגזאַם, לאַנגזאַם טאַפּט ער אָן צוויי אָנגעלאָפענע בערגלעך — זײַנע אויגן! זיי טוען וויי און ברענען. ער ניסט נאָכאַנאַנד. יעדער נאָס רײַסט שטיקער לונג, אָבער ס'ווערט לײַכטער. ער רוט זיך אָפּ און דערפילט פייער אין מויל, פייער אין שלונג. אַזאַ טרוקן פייער — דורשט! פּאַמעלעך רירט ער אָן די אויגן. ער גלעט זיי

און גלעט, ביז אַ לעפל מאַכט זיך אויף אין אַ שפּאַרינקע. כאַצקל דער־זעט אַ פּאַסיקל קאַליר פון מוטנער קאַווע מיט מילך. רוקט ער אַריין אַ האַנט אונטערן שינעל, געפינט אַ קנעפל פון מונדיר, רייסט אים אויף און שלעפּט אַרויס ס׳לייבל. זיין מחשבה איז צוגעשפּיצט צו איין פּונקט: צו די אויגן. שטרענגט ער אָן די כוחות און שלעפּט ס׳לייבל, ביז ער ברענגט עס צו צו די אויגן; ווישט ער זיי באַזאַכט, פּאָרזיכטיק. און נאָך אַ שפּאַרעלע מאַכט זיך אויף אין צווייטן אויג, און ער דערפילט, אַז אויך דאָס צווייטע אויג זעט אַ קאָליר פון מוטנער קאַווע מיט מילך.

איצט קען ער זיך פאַרגינען אביסל אָפּרוען. סיי־ווי זעט מען נישט קיין סך, און די אויגן ווילן רוען. טוט ער אַזוי...

כאַצקל האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ קאָשמאַר, מיט קראַמפּן פון הונגער און פייער פון דורשט. זיך קוים אויפגעזעצט און געדולדיק גענו־מען אַרויסגראַבלען דעם זאַמד פון די אויערן, ביז זיי האָבן גענומען פאַר־נעמען די יללה אַרום; די יללה פון מדבר, פון שטורעם און עלנט.

אינעם מוטנעם קאָליר זעט ער בליצן. די אויפגעמאַכטע אויערן דער־הערן דעם באַקאַנטן האַרמאַטן־בום־בום; דערמאָנט ער זיך פּלוצים, ווו ער איז, און באַנעמט עפּעס פון דעם, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט. ער באַנעמט, אַז דער פראָנט איז נישט נאָענט; אַז ער, כאַצקל גורני האָט פאַרלוירן זיין אויטאָ מיטן וואַסער־פאַס. אָנגעווּוירן דעם קאַראַוואַן, פאַר־זונקען אין כאַאָס און זיצט דאָ איצט איינער אַליין, אַ פאַרוויַיעטער צוזאַמען מיט עטלעכע דאַרע קוסטעס אין זאַמד פון מדבר — אָבער ער לעבט!

פון זיינע 29 יאָר האָט ער 28 געשלאָפן ביינאַכט. ס׳לעצטע יאָר איז שוין נישט וויכטיק געווען די צייט פון שלאָפן: בייטאָג, צי ביינאַכט. דער עיקר איז: שלאָפן! ווען און ווו מען קען נאָר! דאָך האָט זיך אַמ־שטאַרקסטן געוואָלט שלאָפן ביינאַכט. ער געדענקט די נסיעות אינעם קאַראַוואַן; די טעג ווי די טעג, אָבער אין די נעכט האָט מען געמאַכט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען, כדי נישט איינצושלאָפן ביים רעדל.

און איצט זיצט ער, כאַצקל גורני, אַ לעבעדיקער, אַ פרייער, מיט אַזויפיל צייט. די אויגן זעען גאַרנישט, חוץ דעם מוטנעם קאָליר, וואָס ווערט כסדר צעשניטן דורך בליצן. אָט פאַרשווינדט דער מוטנער קאַווע־און־מילך־קאָליר און — משמעות ס׳איז נאַכט. ס׳איז באמת נאַכט. פאַר־וואָס זיך נישט איינוויקלען אין שינעל און כאַפּן אַ שלאָף? טוט ער אַזוי. ס׳איינ־וויקלט זיך איין אין שינעל און גראָבט זיך אַריין אין פוכיקן זאַמד. ס׳איינ־געוויד קראַמפּט, ס׳האַרץ שלאָגט ווי אַ פּויק, דער שלונג ברענט. אָבער ס׳איז נאַכט, און ביינאַכט, אַז מען קען, מוז מען שלאָפן.

בום, בום, בום — האַקן די האַרמאַטן. דער שטורעם פאַרחלשט און

ס'לאָזט זיך אַראָפּ אַ רעגן. באַצקל פּלאָנטערט זיך אַרויס פונעם שינעל, דעקט־אויף די ברוסט און לאָזט פאַלן אויף זיך שווערע טראָפּנס רעגן. ער שטרעקט־אויס די האַנט און לאָזט איר באַפייכטן. דערנאָך טראָגט ער זי, די פייכטקייט צו צו די פאַרברענטע ליפּן און באַוועגט די טרוקענע צונג. אַזוי איינמאָל, נאָכאַמאָל און אַ סך מאָל. דער רעגן הערט־אויף, די וואָלקנס צעגייען זיך און אַנטבלויזן אַ גרויסע לאַכעדיקע לבנה.

ס'שווידערט באַצקלען פון קעלט, וויקלט ער זיך איין אין נאַסן שינעל, פאַרקריכט טיפער אין די קוסטעס און פאַרנעמט זיך צום שלאָפן. שלאָפן?

עס שנייַדט אים דורך דעם מוח צום ערשטן מאָל נאָכן קומען צו זיך, דער געדאַנק וועגן דער היים, זיין היים. עס שלאָגט אַ וואַרעמקייט דורך אַלע אָדערן און וויטיק מיט צער קוועלן אין האַרצן. ער פאַרגראָבט זיך טיפער אין פייכטן זאַמד און נאַסן בגד און דערפילט אין שטערן דעם זיסן סאַמעט פון אַ פרויען־האַנט. ס'איז די האַנט פון זיין העלאַ, ווערט אים לייכט און וואַרעם. אָט ליגט ער ביי זיך אין דער היים אויף דער סאָפע און זיין 4־יעריקער אוריק מיט די גרויסע ליכטיקע ברוינע אויגן, רייסט אים פאַר דער האַנט: — אבאַ, אבעלע, מי'ן גיין שפּאַצירן, מי'ן גיין אין גאַס. איך וויל ווייזן אַלע קינדער מיין אבאַ, אבאַ איז אַ גבור!" און ס'פליסן אַריין אין זיינע אָדערן די זיסע קינדערשע רייד, און אַ סאַמעטן קול שעפּטשעט אין בלוט: — „באַצקל, שטאַרק זיך, העלאַ איז דאָ מיט דיר, העלאַ מיט אוריקן זיינען שטענדיק מיט דיר. — שעפּטשעט אים די ליבע שטימע, ווי אַ האַרציק געזאַנג. — איך האָב דיך נישט פאַראורטיילט, ווען דו האָסט אונדז דעמאָלט פאַרלאָזן און מיט אַ פאַרשטיקטן קוק געזאָגט, אַז דו קענסט מער נישט זיצן אין דער היים, אין דיין רואיקער היים, בעת דייניקע טרינקען זיך אַזוי שוצלאָז אין זייער בלוט. פאַרקערט, ווען דו האָסט מיך מיט אוריקן צוגעדריקט צו זיך און שטום געוויזן מיט די אויגן דורכן אָפענעם פענצטער די פּראַכט פון דער היים, פון אונדזער היים, דעם שמעקעדיקן צעבליטן אַרום, די פליינען, פעלדער, כרמים און פּרדסים, די פאַלמען פון ביידע זייטן גאַס, דעם הילך פון די קינדערשע שטימען, די גאַסן, די הויפן, די הייזער, די מענטשן, די לופט, דער הימל, די ביימער — — ערשט דעמאָלט האָב איך באַנומען דיין צער און צאָרן, וואָס האָבן אָן ווערטער אַרויסגעשריגן פון דיינע אויגן: „זאָל אָט דאָס אַלץ צעטראָטן ווערן? זאָלן אָט די קינדערשע קעפּלעך צעשמעטערט ווערן אָן דער וואַנט? זאָלן אָט די ייִדן, אָט די שטילע, רואיקע מענטשן, וואָס זיינען מיר קיינמאָל אַזוי טייער און נאָענט נישט געווען ווי איצט — זאָלן זיי, מיט דיר, מיט מיין קינד, פאַרפייניקט, אויסגעברענט ווערן פון דער ערד? און זאָל אָט דער אויסגעווייטיקטער באָדן געשענדעט און געלעסטערט ווערן?"

ביין! און כאצקל איז אוועק.

כאצקל איז געקומען אין ארץ־ישראל גאר יונג; דארטן, ווו איצט איז זיין היים, אין דער קאלאניע, איז א זומפּיקע ווייסטעניש געווען. ער דערמאנט זיך איצט, ווי ער פלעגט שטיין ביז איבער די קני אין וואסער און חלשן א טרונק. דאס וואסער איז געווען פארפעסטעט און פארווערט. און עלטערער ייד אויף און אייזל פלעגן צעפירן וואסער צום טרינקען, און בעת חברה האבן צוגעלייגט דעם לײמענעם שנויץ צום מויל, און ס'וואסער פלעגט נעמען בולקען אין האלדז, פלעגט דער ייד א שטויס טאן זיי אין בויך: „א ברכה מאכן, שקצים, א ברכה!"...

איצט גייען־אויף תבואות אין יענע מקומות. די פארפעסטעטע וואסערן זיינען קריסטאל־ריין און שטראמען אין בעטאן־קאנאל. ס'וואסער זעטיקט די דורשטיקע פעלדער, פליינען, גערטנער, מענטשן און בהמות. ס'וואסער פליסט און מורמלט א געזאנג... כאצקל באמיט זיך איינטונקען דאס פנים אין קאלטן וואסער. נעמט ער צונויף די קרעפטן, רוקט ארויס דאס צעפלאמטע פנים און גיט אים א טוק — — — אין פייכטן זאמד...

ציט ער זיך צוריק אריין אין שינעל ווי א שנעק און שפּייט דעם זאמד פון מויל — העלא, העלינקא, אורי, ווו זענט איר, טייערע מיינע?

לויפט ער און זיינע חברים מיט אנגעשטעלטע ביקסן און אנגעצויגענע באגנעטן, זיי זיינען פארכלינעט פון א ברוטאלער התלהבות, שרייען מיט באנומענע קולות ביז די באגנעטן זעצן אריין אין אויסגעפּולטע גולמס פון זעק מיט שטרוי און דער סערזשאנט באפעלט:

„אריינגעשטעקט דעם באגנעט! באמי זיך, נישט צו טרעפן אין ביין, שטעך אין ווייכן לייב! אט אזוי! אט אזוי! איינס, צוויי! — דריי־איבער! — איינס, צוויי! ציִ־ארויס! איינס, צוויי, שטעך ווייטער! הורא־א־א־א! הורא־א!"

און אט שפאנט ער, א מידער, צעבראכן מיט צעפליקטע קליידער און פארבלוטיקט פנים. שפאנט און שפאנט ביז ער קומט גאר אריין אין א שטעטל אין וואלין. ווי משונהדיק דאס שטעטל זעט־אויס!

אט איז דער מארק פון זיין געוועזענער היים, אלע בוידן און ביידלעך פארשוואונדן. דער מארק איז אויסגעוואקסן לאנג און ברייט אין דער אומענדלעכקייט. דער מארק איז צעשניטן אין אן א צאל גאסן. יידישע גאסן, באריממטע אין אלע עקן וועלט. אט ברענט אין העלע פלאמען מוראנאווער פלאץ אין ווארשע און יידן שפרינגען פון דאך צו דאך, ווי פייגל, און פאלן אין תהום צווישן הויז און הויז — — אט שניידט זיך א פאריזער בולוואר און יידישע קינדערלעך ווערן צעמאלן אונטער רעדער פון טראמווייען, וועלכע לויפן ווייטער, ווי זייערע רעדער וואלטן נישט געשניטן קינדערשן לייב. דער מארך שפריצט אויפן ברוק, און עלעגאנטע

אייראָפּעער מיט פּרויען־פּאַרשוינען, באַפּוצטע און באַצירטע, שפּאַצירן פון ביידע זייטן בולוואַר, ווי גאַרנישט וואָלט געשען... שטייען שדים אויף דער יאַטקע־גאַס, אַרויסגעשניטן פון קאָוונער אַלט־שטאָט, און כאַפּן ייִדן, ווי היצלעס הינט, מיט שטריק פאַרוואָרפן אַרום האַלדז, פאַרשלעפּט אין וועגענער און אַוועק...

אָט איז לאַדזשער באַלוט, ווו ס'ווילדעווען באַשטיוולטע פּראַיס, קאַטעווען ייִדישע דורכגייער און שמעטערן קינדערשע גופימלעך אָן ברוק... אָט ליגט צעצויגן די זאַוואַלנע גאַס פון ווילנע, אַנגעפּיקעוועט מיט ייִדן און פון דעכער וואַרפן רוצחים האַנט־גראַנאַטן, וואָס רייטן־אויף מיט דונער צווישן לעבעדיקן לייב.

און אָט ווערט העל דער גאַנצער מאַרק. דער ריזיקער מאַרק, גרויס ווי די וועלט; ס'פלאַקערט דאָס וואַרשעווער געטאָ און פון די פלאַמען אַרויס ציען זיך, שטרעקן זיך הענט, הענט, אַזויפיל ייִדישע הענט, אויס־געצוויגענע הענט, וואָס מאָנען שטום הילף; אָט רייסן זיך אַריין טאַנקען, שפּייען מיט פייער, און די הענט פאַרקלעמען זיך אין היפלאָזע ייִדישע פויסטן. די פויסטן קלאַפּן אין די פּאַנצעו״ם פון די טאַנקען, קלאַפּן, קלאַפּן, ביילן זיך און פאַלן אַראָפּ. עס צעשרייט זיך פון דאַך אַ קוילן־וואַרפער. עס ענטפערט אים אַ צווייטער. עס רופט זיך אָפּ אַ דריטער, און עס לויפן פון אַלע גאַסן און געסלעך אַרויס ייִדן ,יונג און אַלט מיט ביקסן, מיט רעוואָלווערן, מיט דרענגער, מיט פרענטן — „טויט די ווילדע חזרים, טויט!״

געמט־אַרום כאַצקלען אַ קלעפּיקע קעלט ביזן מאַרך פון די ביינער. ער שפּירט, ווי ער טרינקט זיך ערגעץ אין אַן אָפּגרונט און עס צינדט זיך אָן אַ צאָרן אין זיין געמיט.

טראַ־טאַ־טאַ־טאַ שטעפּן מאַשין־געווער פון אַלע זייטן... כאַצקל פליט גאָר אין דער לופט און זעט, ווי עס דרייען זיך זון, לבנה, מזלות, אין דער מיט די ערד. די ערד פלאַקערט און העלע פלאַמען שפּרייטן זיך שפּאַרן. אָט, אָט, איז זיין קאָלאָניע, די היים אין ארץ־ישראל, וואָס שמעקט איצט מיט צייטיקע אתרוגים און דופטעט מיט מאַנדל־בליאונג.

„גוואַלד! — שאַרט כאַצקל אַרום זיך. — די ביקס, ווו איז די ביקס מיטן באַגנעט?״ ער קוועלט־אָן מיט צאָרן: „די ביקס״, — גיט אים די ביקס מיטן באַגנעט, וועט ער זי אַריינזעצן אין די צוויי־פיסיקע, האַקן־קרעציקע חזרים צווישן די ריפּן, אין אינגעווייד.

רייסט זיך כאַצקל אויף מיט די לעצטע קרעפטן און לויפט; ניין, ער פאַלט פון דער לופטן, פון אויבן אַראָפּ צוריק, צום מאַרק פון זיין געוועזענער היים. ער האָט זי, די ביקס, די טייערע, געבענטשטע ביקס, און דער באַגנעט איז אָנגעצויגן: „הוראַ־אַ־אַ!״

אַט איז ער ווידער, דער מאַרק, אַרומגעצוימט מיט שטעכעדיקן דראַט. ניין, ס'איז נישט קיין דראַט, נאָר קליקעס, ווילדע חזירים, און אמתע חזירים ברוקען הייזעריק אים אַנטקעגן. לויפט ער צו די חזירים און זעט, אַז דאָס זיינען גאָר מענטשלעכע נאַציס, צעפּאַכעט ער די ביקס און שטעכט מיטן באַגנעט, ווי דער סערזשאַנט האָט אים געלערנט, און טרעפט ריכטיק אין די ווייכע טיילן. ער שטעכט, דרייט־איבער דעם באַג־נעט, איינס־צוויי, איינס־צוויי, אַריין־אַרויס; אַריין־אַרויס. ער שרייט און ווערט פאַרכלינעט פון אַ בלוטיקער תאווה צו שטעכן, נקמה נעמען. ווייל אינמיטן מאַרק שטייט זיין פאָטער אין סאַמע פלאַקער, שטייט מיט אויס־גערונענע אויגן, אַ פאַרבלוטיקטע באָרד, און האַלט פעסט צוגעדריקט העלאַן מיט אוריקן צו זיין ברוסט...

— הורא־אַ־אַ־ עליהם! — שרייען מיט אים זיינע חברים, וואָס זיינען ווי פון דער לופט אַרויסגעוואַקסן אַרום און אַרום אין שטאָלענע היטלען מיט אויסגעצויגענע באַגנעטן. זיי לויפן ווי בליצן און שפּרינגען איבער בערג אויסגעלייגטע קאַבאַנעס, און הענט, אַ וואַלד יידישע בלאַסע שוואַכע הענט ציען זיך צו זיי פונעם פלאַקער אַרויס, פאַרבראַכענע הענט פון יידישע מאַמעס, צעבראָכענע הענט פון פאַרפּייניקטע יידן, געחלשטע מאָזאָליעדיקע הענט פון יידישע האָרעפּאַשניקעס און קליינע פּוכקע, פון הונגער געשוואָלענע, בלויע קינדער־הענטלעך. און איבער דעם גאַנצן וואַלד ביידע הענט פון זיין מוטער, ווי צו ליכט בענטשן, פאַרלייגטע איבער די אויגן...

מיטאַמאָל רייסט זיך אַלץ איבער. ס'ווערט אַ רגע שטיל און כאַצקל דערפילט זיך לייכט, לייכט ווי אַ פעדערל. ער דערפילט ווי די ערד וויגט זיך אונטער אים, וויגט זיך און וויגט זיך און פון געדעכעניש רייסט זיך אַרויס עפּעס, וואָס ער האָט ערשט נישט לאַנג געלייענט וועגן אַן אוק־ראַיניש־יידיש שטעטעלע פּיריאַטין. ער האָט עס געלייענט אין צייטונג. ער געדענקט גאַנץ גענוי, ווי ער איז געזעסן מיט די חברה ביים פייער און געהאַלטן די צייטונג, וואָס איז היינט אָנגעקומען פון תל־אביב. און אַט איז ער גאָר אַליין אין פּיריאַטין, וואָס איז אויך ווי אַריינגעפּאַסט אין מאַרק. ער זעט זיי, די יידן, ווי זיי גייען אין שורות צעבראָכענע, צעשאָטענע שורות. יידן מיט בערד און אָן בערד, יונגען און אַלטע, בחו־רים און מיידלעך. עס גייען קינדער אין אַזאַ לאַנג צעצויגענער שחיטה־מאַניפעסטאַציע, און אין שפּיץ אַ קליין מיידעלע מיט אַ טיכל איבערן קעפּל. זי גייט איין פּיסל באָרוועס, ס'צווייטע אין אַ זעקל: און אין די הענטלעך האַלט זי אַ ליאַלקע, אַ פשוטע ליאַלקע מיט אַ צעקאָדערט קליידל, מיט פלאַקסענע האָר און צעבראָכן נעזל. זיינען די יידן אַרומ־גערינגלט מיט האַקן־קרעציקע חזירים, וואָס קנאַלן אַרום מיט בייטשן

און שיסן מיט פֿאַרשיכורטער פֿרייד אין די צעבראָכענע רייען, לויפֿט צו אַ האַקן־קרעציקער חזיר צום מיידעלע, כאַפּט אַרויס זיין מויזער, וואַרפֿט אים מיט אַ הירזשעניש אין דער לופֿט, וואַרפֿט, כאַפּט, כאַפּט און וואַרפֿט, און ווען דאָס מיידעלע מיט דער ליאַלקע הויבט־אויף דאָס קעפּל אַ קוק צו טאָן אויף דער טייוולאָנישער שפּיל, כאַפּט ער דעם מויזער פֿאַר דער רער און גיט מיט דער שווערער קאָלבע אַ פּלעם דעם קינד איבערן קעפּל. ס׳מיידעלע איז אומגעפֿאַלן אַ געפּלעפּטע, אַ פֿאַרטיקע און באַשפּריצט מיט איר בלוט דעם ברוק אַרום; ליגט זי, דאָס מיידעלע, טויט און אויף איר ברוסט ליגט צוגעקלעפּט די ליאַלקע, און פֿון אַרום צעשעטקעווען זיך קוילן־וואַרפֿערס אין דער צעבראָכענער מאַסע. וויינט דער ווינט און יאָמערט צוזאַמען מיט די געמאָרדעטע:

„שמע — — — וועלט!"

„שמע — ישראל א א א ל !"...

איז כאַצקל אויפֿגעשפּרונגען און זיך צערעוועט: „די ביקס! מיין ביקס, ווו איז זי די ביקס מיינע!" איז ער געלאָפֿן אין זאַמד; געלאָפֿן, געפֿאַלן, אויפֿגעשטאַנען. ווידער געלאָפֿן, געפֿאַלן און געקראָכן אויף אַלע פֿיר; געחלשט. צוריק צו זיך געקומען, און ווידער אויפֿגעשטאַנען, געלאָפֿן און גערעוועט — ביז אַ פּאַטרול האָט אים געפֿונען שטיין אויף אַ בערגל, נישט ווייט פֿון הויפּט־וועג.

כאַצקל איז געשטאַנען און געפֿאָכעט מיט די הענט ווי מיט שווערדן. די אויגן אָנגעשוואָלענע, מיט בלוט פֿאַרלאָפֿענע, און ער האָט, ווי אין עקסטאַז, געדונערט: „די ביקס, די ביקס, וו־ווו?

האַרמאַטן האָבן געדונערט אַרום. קוילן־וואַרפֿערס האָבן געשטעפּט. אַעראָפּלאַנען האָבן הימלען געריסן. קאָלירטע ראַקעטן האָבן געיאָגט איינע די אַנדערע און אַ פֿייער־ און רויך־שפּיל פֿון שלאַנגען. די לופֿט האָט געגליט און געבריט און כאַצקל האָט נישט אויפֿגעהערט צו שרייען:

„די ביקס, ווו איז זי, די ביקס מיינע? פֿאַר מיינע ברידער יידן, ווו?"

האָבן די מענטשן פֿון פּאַטרול איבערגעקוקט און איבערגעוווּנקען, און כאַצקלס געשריי איז מיטן ווינט אַוועק אין אָנסופֿיקן מדבר.

# צוריק אהיים

— 1 —

און אט איז שוין די היים, די אויסגעבענקטע היים. אט האט דער צוג אדורכגעשניטן קאנטארא. מיליטער־פאליציי האט דורכגעקוקט די צאלביכלעך מיט די איבעריקע פאפירן, דורכגענישטערט דאס זעקל מיט דעם ביסל צעקנייטשטער סאלדאטישער ארעמקייט. דער לאקאמאטיוו האט אן אויסגעצויגענעם ברום געגעבן און די רעדער פון באן צעוויקלען מער נישט די פרעמד, נאר פליינען, מרחקים פון דער אייגענער היים. אפילו דער ווינט, דער ווארעמער ווינט, אדורכגעמישט מיטן פיינסטן מעליקסטן שטויב, ווערט אייגן. ער צעלייגט זיך אומעטום אין די שמורציקע וואגאנעס, אויף בענק און פאליצעס, אויף די פעק, אויף די בגדים, אויפן קאפ, אויף לייב און לעבן. די ציינער קנאקן, אים, דעם שטויב, ווי געמאלן גלאז. אבער ס׳איז ליב, ס׳איז שטויב פון דער היים, פון ארץ־ישראל.

אט איז זי, די היימישע נאכט מיטן פארכישופטן הימל, מיט די ווונדערלעכע ליכטיקע שטערן, מיט דעם פיצל לבנה, ווי א באנאנע די גרויס, וואס רוקט זיך אוועק אין טונקעלן מערב, אראפ־צו צו עזה אין ים אריין. לענגער ווי תמיד ציט זיך די נאכט, ביז קאיאר ביי יבנה, וו ס׳באווייזן זיך די ערשטע פארטאגיקע יידישע פאסאזשירן, בחורים מיט ברוינע לייבער און נישט דערשלאפענע יידישע מיידלעך פון די דרום־קיבוצים, וואס איילן זיך אין שטאט אריין, ווער אויף קניות, ווער אין „מוסדות״, ווער צום דאקטאר און ווער צו קרובים און פריינט. און שוין פארשווינדט דער מעליקער שטויב און די לופט ווערט איבערגעזעטיקט מיט ריחות פון רחובותער פרדסים.

מאטל, אקארשט ארויס פון מיליטער, נאך פינף יאר וואגלעניש דורך פייער און שטורעם, טראגט נאך די אלטע דורכגעשוויצטע זעלנערישע בגדים, מיט דעם ספעציעל זעלנערישן גערוך, אבער דאס הארץ קלאפט אנדערש. דאס הארץ, וואס איז פינף יאר צייט געלעגן פארגליווערט, ווי א פויגל אין א שטייג, האט זיך מיטאמאל אויפגעכאפט, צאפלט עס, דאס

האַרץ, איבערגעפּולט און פאַרשווּמען מיט אומגעדולד און דערוואַרטונג.

שווער צו דערקלערן, פאַרוואָס, מוז מאָטל באַהערשן די שווערע גלידער מיט די מידע אויגן־לעדלעך, נאָר ס'העלפט נישט. מאָטל גיט נאָך און שלאָפט־איין דווקא איצט, ווען ער דאַרף נישט שלאָפן.

דער „שר של שינה" וויל נישט וויסן פון היים און פון דעם נאָענטן תל־אביב. איצט פּראַוועט ער מיטן אויסגעדינטן זעלנער דעם פריערדיקן סדר און פלאָנטערט אים אַריין ערגעץ אין ליבישן מדבר, אין ווייטן זאַמדיקן גיהנום. זיצט מאָטל ווידער אויף זיין מיליטערישער מאַשין מיטן וואַסער־טאַנק, וווּ ס'ווילדעוועט דער זאַמד־שטורעם, באַגלייט מיט אַ טויט־קאַנאָנאַדע. דער אייזערנער קיווער דריקט ווי אַ באַרג אויפן קאָפּ, דער שווייס מיט זאַמד געמישט ברענט דאָס לייב; מאָטל קריכט אויף אַלע פיר מיט וואַסער־בלעכן און איבלדיקן נישט־טאָג נישט־נאַכט, נישט־הימל נישט־ערד, ביז צום באַקאַנטן שילד: „פאַרזיכט, אַ מינען־פעלד". אָבער ער, מאָטל, ווייס גאַנץ גוט דעם געדרייטן, פאַרוויייטן שטעג מיט די שפּיציקע באָמבוס־פּלעקלעך, וואָס מען זעט קוים אַרויס פון דעם מעליקן זאַמד. דאָרט אין גראָבן ליגן פאַרשמאַכטע דורשטיקע ענגלענדער מיט גייזעלענדער, וואָפּנברידער, מיט פאַרברענטע צעשיילטע ליפּן, שוואַרצע פון שטויב, שמוץ און רויך... מאָטל אַליין חלשט פאַר אַ זופּ־וואַסער, אָבער די פייפנדיקע קוילן אַרום, מיט דעם דונער, מיט די קאָלירטע בליצן, דערמאָנען אים, אַז נישט פאַר אים איז עס דאָס לעבעלעכע ביסל וואַסער. אין עטלעכע שעה אַרום, אויב ער וועט אַרויס גאַנץ פון דאַנען, וועט ער עס האָבן צו זעט, וויפל ער וועט נאָר גלוסטן. די מענטשן אָט־דאָ אין גיהנום בלייבן אָבער ווייטער אויפן זעלבן אָרט, אין זעלבן גראָבן...

און אָט געפינט זיך מאָטל אויף אַ שיף מיט זעלנער, אָנגעשטאָפּט געדיכט, ווי הערינג אין אַ פאַס. די מאַי־נאַכט איז אַזאַ פּרעכטיקע, דער הימל פון אויבן — ווי סאַמעט מיט בריליאַנטן צעפינקלט, און פון ווייטן בליצן אָפּוועך־האַרמאַטן פון מאַלטאַ... אָט ליגט ער אין צעבושעוועטן ים איינער אַליין, נישט טויט, נישט לעבעדיק, די אָפּגענומענע הענט פאַרקראַמפּט אַרום אַ קלאָץ. דער ים ווילדעוועט ווי אַ חיה־רעה און איבערן קאָפּ זייעט אַן אַעראָפּלאַן בלייערנעם טויט און שוימיק וואַסער. אַז מאָטל קומט צו זיך, זעט ער פון דער שיף נאָר אַ שטיקל שפּיץ, וואָס שפּאַרט אַרויס פון ים, וואָס זעט אויס ווי אַ פאַרוואָרף דעם הימל.

און ווידער ליגט ער ביזן האַלדז אין אַ זומפּ אין פאַרשאָלטענעם אַנציאָקלין, און גראַבלט זיך אַרויס פון קלעפּיקן געמויזעכטס... אויף די פּלייצעס שלעפּט ער אַ יונגן ענגלענדער, בלוט און מילך, וואָס יאָמערט אין חלל פון דער נאַכט: „מאַדער, מאַדער! מיי דיר מאַדער" — „מוטער

טייערע, מאַמע מיינע!" מאַטל רעדט צו אים, מיט אַ געמיש פון אַלע לשונות, וואָס ער קען נאָר: ער וואָלט פון זיך אַ גליד אָפּגעריסן פאַר עט־לעכע ענגלישע פּסוקים...

מאַטל, דער קיבוצניק פון ארץ־ישראל, ווייס נאָך נישט, אַז זיין „מאדער" מיט ביידע שוועסטערן אין גאַליציאַנער שטעטל, זיינען מער נישטאָ — פאַרגאַזט זיינען זיי און זייער אַש צעשטויבט און צעשיט. און דאָ אין וואַגאָן, לעבט ער ווידער איבער יענע שרעקלעכע נאַכט מיטן צער פון יונגן ענגלענדער.

און ווייטער אין איטאַליע, ווייט פון יענעם זומפּ אין אַנציאָ: טאַנ־קען סקריפּען און שפּייען טויט, אָן אַ זייט פון די טאַנקען לויפט ער, מאַטל, מיט זיינע חברים מיט אָנגעשפּיצטע באַגנעטן אויפן געווער מקבל־פּנים־זיין דעם פאַרהאַסטן דייטש. דער אָפיציר פון טורעמל אויפן טאַנק שרייט־אַרויס:

„בי קערפול, באָיס!" — פּאָרזיכטיק, חברה!"

ווער הערט אים דען, אַז דאָס בלוט ברענט, די ביקס ברענט — אַזוי נאָענט צו די תלינים פון דיין פאָלק...

— קדימה!..:

הוררראַ!

נאָך יענער נאַכט, אין שפּיטאָל, אַז מאַטל איז צו זיך געקומען און דערפילט, ווי מען גריבלט זיך אים אין לייב מיט עפּעס אַ כלי — ווען יסורים פאַרטעמפּען די חושים און די פּאָר פאַרבליבענע צעבלוטיקטע ציינער בייסן זיך אַריין אין דער אונטערשטער ליפּ — הערט מען פון אים נישט דעם מינדסטן הויך, דעם מינדסטן קרעכץ. ער פאַרזינקט אין זיך — — — דוכט זיך איינגעשלאָפן.

אַ מבול רעגן גיסט אויפן בלאָטיקן שליאַך. ס'איז שוין אין עסט־רייך. מאַטל מיט דער חברה אין אַ גרויסן קאַראַוואַן, פאָרן אַזוי לאַנג, ביז זיי פאַרקלייבן זיך אין אַ ישוב, נישט קיין שטאָט און נישט קיין דאָרף. די נאַכט לעשט זיך שוין, און ווי פון אונטער דער ערד אַרויס רינגלען זיי אַרום יידישע סקעלעטן אין געפּאַסקעוועטע לאַכעס, מיט גע־גאָלטע קעפּ און באַוואַקסענע פּנימער, וואָס דערמאָנען קוים די צורה פון אַ מענטש, ווי פון אַ טיפן תהום הילכט־אַרויס אַ געשריי:

„ייִדן — אחינו בני ישראל, ייִדן!"

„שמע ישראל!"

די געפּאַסקעוועטע סקעלעטן רינגלען־אַרום מאַטלען מיט דער חברה, מען קושט די מגן־דודים אויף די אַרבלען, לאָזן־אָפּ די הערצער ווי צע־טייעט אייז און מען וויינט אָן בושה, ווי יידישע ווייבער. זעלנער!

אויף די הענט טראָגט מען אַרום די ערשטע פּליטים. מען באַהאַלט

זיי אונטער די פּלאַנען פון די מיליטער־אויטאָמאָבילן, ביז מען ברענגט זיי, אַ שטיק אויפן טאָג, אין לאַגער; דערנאָך אַ הילולא מיט אויסגע־ווייגטער צעבראָכענער פרייד:

יידן, ייִדן, יהודים.
לעבעדיקע ייִדן!

— 2 —

אין לאַגער אין רחובות האָט מען אויף מאַטלען ארויפגעשלעפּט אַ געפּאַסקעוועטן אָנצוג פון גרוי־בלוילעך געוואַנט, אָנגעטאָן אַ גרוי העמד און דעם ברוינעם האַלדז פאַרצויגן מיט אַ רויט־געפּינטלטן אויסבינדער, אויפן קאָפּ — אַ קאַפּעליושל, איינגעפּאַקט עטלעכע שטיקער וועש, ארייַנ־געשטופּט אין האַנט אַ פּאַפּירל און: „יו אַר פרי" — „ביסט פריי!".

וויפל מאָטל האָט עס געחלומט פון אָט דער שעה! און אַז זי איז געקומען — שטייט ער דאָ אין מיטן גאַס אין רחובות, מענטשן דרייען זיך אַרום פראַנק און פריי, אויטאָמאָבילן לויפן, אָפענע געשעפטן מיט כל־טוב, מען רעדט, מען לאַכט, קינדער שטיפן, און ער שטייט אַ צע־טומלטער און דרייט אין האַנט דעם האַרטן „מגן־דוד" — אַליץ, וואָס איז פאַרבליבן פון די פינף זעלנערישע יאָרן; דעם „מגן־דוד", וואָס ער האָט נישט פאַרגעסן אַראָפּצורייסן פון אָפּגעליפערטן מונדיר. אָט דער מונדיר, וואָס איז אים געווען צוגעקלעפּט צום לייב פון עלאַמיין דורך מדבריות פון קירענאַיקע, אַלזשיר, טוניס, איבער סיציליע, איטאַליע, עסטרייך, בעלגיע, האָלאַנד, דורך דעם קרעציקן דייטשלאַנד, ביז צוריק אין רחובות; איינער אַליין אין מיטן גאַס, מיט דעם קאַפּעליושל, מיטן אויס־בינדער אויפן האַלדז, דערוואָרגן צו ווערן.

צוגעגאַנגען צו אַ וויטרינע מיט אַ גרויסן שפּיגל, האָט מאָטל ארייַנ־געקוקט און זיך אַליין נישט דערקענט. ער האָט געקוקט און געקוקט, ביז אַ קיל מיטאָג־ווינטל האָט דערטראָגן צו זיינע נאָזלעכער דעם ריח פון פּרדסים־בליעכץ — האָט אים דער בשמים־ריח אויפגעוועקט, צוזאַמען מיט נאָגן אין האַרצן. פאַרשעמט האָט ער זיך נאָכאַמאָל אָנגעקוקט אין שפּיגל, אַראָפּגעכאַפּט דאָס קאַפּעליושל פון קאָפּ און אים פאַררוקט אַ צעקנייטשטן אונטערן אָרעם, באַפרייט דעם האַלדז פון וואָרגנדיקן אויס־בינדער, אויפגעריסן דאָס העמד, גענומען אָטעמען די היימישע לופט ביז ער איז צו זיך געקומען, גענומען זיך דערקענען אין וויטרינע־שפּיגל און אַליץ אין אים האָט זיך מיטאַמאָל צעזונגען:

— „דאָס איז דאָך די היים, די אויסגעבענקטע היים"!

אין דער קבוצה, צופוסנס פון גלבוע, האָט געשמעקט מיט פריש היי, מיט שייער, מיט צייטיקער תבואה, אויסגעמישט מיט ריחות פון שטאַלן און הינער־שטייגן. פון די גרינע גערטנער האָבן ארויסגעמורמלט וואַסער־שפּריצן מיט מיידלשן געלעכטער. פון ווייטן פעלד האָט זיך גע־טראָגן גערויש פון א טראַקטאָר. קי מיט פולע אייטערס האָבן מעלה־גרהעט און געשמיסן מיט די עקן די זלידנע פליגן אויף די רוקנס. צוויי אָקסן מיט שווערע נאַזדרינגען האָבן בוהייאיש געברומט, נישט ווייסנדיק ווי אויסצולאָדן די אָנגעפּרעסענע גבורה, וואָס האָט געשפּאַרט פון זייערע גלאַנציקע געפּוצטע פעלן. פון די וואַרשטאַטן האָבן געהילכט קולות פון מעניטשן, מאַשינען און געצייג. פון קיך אַרויס האָט געהוזשעט א גע־דיכטע לוסטיקע ווייבערשע גערעדעריי מיט קלינגעריי פון כלים. אַלטע טאַטע־מאַמעס האָבן, וואָרקנדיק ווי טויבן, זיך געקוויקט אויפן גראָז, אין שאָטן פון די היימען. פונעם שיפוע פון גלבוע האָט א פּאַסטוך געקוואַ־קעט צו זיין צעשפּרייטער טשערעדע, וואָס האָט אַרומגענישטערט און אַרויסגעשמעקט דאָס מינדסטע גרעזל און זיסן שמעקעדיקן דאָרן.

אין קינדערהויז איז די פּרעבליסטקע געזעסן אויף דער ערד אַרומ־גערינגלט מיט א כאַפּטע קינדער און אויסגעשניטן פון גלאַנציק בלוי פּאַפּיר גרויסע אותיות, ארויפצוקלעפּן אויף א קאַרטאָן:

„ברוך־הבא אונדזער צוריקגעקערטן חבר, דער חייל פון פראָנט, מרדכי".

די העלדן פון טאָג אין דעם קינדער־הויז זיינען געווען מאָטלס קינ־דער, ארנון און רינה.

נאָך איידער די זון איז אַפּגעשוווּמען פון פאַרנעפּלטן מזרח הינ־טער די בערג, האָט דבורה צוגעריכט דאָס צימער. היינט האָט זי גע־מאַכט די ערשטע משמורת אין דער מילכעריי, כדי צו זיין פריי ביי דער באַן, און מקבל פּנים זיין דעם אויסגעבענקטן גאַסט. די אַרבעט האָט איר געברענט אונטער די פינגער און די מחשבות זיינען פאַרפלויגן מיט יאָרן צוריק אויף דער גרויסער אסיפה אין דער פּאַרטונקלטער עס־שטוב, ווען מ'האָט גורל געצויגן, ווער פון דער קבוצה זאָל גיין אין מיליטער. ביז היינט נאָך שניידט איר אין מוח דער אומעטיקער טאָן פון דעם חבר, וואָס האָט אַרויסגעלייענט פון אויפגעוויקלטן צעטל: „מר־דכי"!

זי געדענקט יעדעס וואָרט פון געזעגענונגס־אָוונט, ווען מ'האָט אַרויסבאַגלייט די ערשטע צען מאַן אין מיליטער; זי געדענקט אַלע פּרטי־פּרטים פון נאָך דער געזעגענונג, ווען זי איז געשטאַנען איינגעקלעמט מיט מרדכין אין דרויסן, נישט א וואָרט צו פאַרלירן, און פון ווייטן האָבן גע־

דונערט די לופט אפּוועד־הארמאטן אין עמק זבולון און לאנגע־לאנגע פּראָזשעקטאָר־שטראלן האָבן זיך געקרייצט און געגישטערט אין די פינצ־טערע הימלען...

פון גאנצן אויפגערודערטן אַרום איז איר דעמאָלט גאָרנישט אָנ־געגאנגען, אויסער איר מאָטלען, וואָס גייט אוועק מאָרגן פארטאָג, און ווער ווייסט, צי זי מיט די קינדער וועלן אים ווידער זען... שפּעטער איז מרדכי צו זיך געקומען און אריינגעטענהט אין איר וועגן „פּליכט", „מל־חמה" און — וועגן די קינדער...

יאָרן זיינען אריבער און ביטערע געשפּאנטע וואכן און חדשים. מאָטלס צוויי־דריי קורצע אורלויבן, בענקעניש, זאָרג מיט ציטער און נישט געשטילטע פארלאנגען, און די אוונטן, ווען זי האָט די קינדער צו בעט באגלייט און פארוואָרפן געוואָרן מיט שאלות און זייער פויגל־גע־צווישער...

די באן אין עמק זבולון האָט זיך געשלעפּט לאנגזאם, געדיכעט, גע־סאָפּעט ווי מיט די לעצטע קרעפטן. דאָרט אין באן איז מאָטל אינגאנצן אן אנדערער מענטש געווען. דאָ האָט ער געאָטעמט מיט זיין עמק־לופט. די תבואה־לופט האָט געריייניקט זיינע לונגען פון מלחמה־דומפּיקייט. באַ־קאנטע און פרעמדע האָבן אים מכבד געווען מיט וואָגיקע שלום־עליכמס, מיט חברישער צוגעלאזנקייט און מיט ביליקע ציגארעטן.

אין באן האָט מען גערעדט וועגן דעם, וואָס מען האָט נאָר־וואָס געזען אין חיפער ים:

צווישן צוויי גרויסע קריגס־שיפן, ווי מאַוויימדיקע זשאנדארן, האָט זיך געשלעפּט קוים א שיפעלע א שברי־כלי, וואָס האָט אויסגעזען ווי א יידעלע — פול געלאדן מיט יידן פּליטים און פון אויבן האָבן צוויי אַראָ־פּלאנען, ווי רויב־פייגל, איבער דעם שיפעלע, באוויזן בוואוסטע שטיק, ווי אונטז וואלט געלעגן דאָס נאצישע בערלין און נישט דער ארץ־ישראל־דיקער בלויער ים.

ווי א שולדיקער איז מאָטל געזעסן צווישן אויפגעבראכטן עולם און בגנבה זיך אליין אנגעקוקט, צי טראָגט ער נישט דעם זעלנערישן מונדיר, מיט וועלכן ער האָט אזוי שטאָלצירט, ביז ער האָט זיי נישט דערזען צום ערשטן מאָל אין זייער חורבן און עלנט אויף איינעם פון די עסטריי־כישע שליאכן...

נאָר אז די באן איז ווייטער אריין אין רחבות פון עמק, וואָס האָט געשימערט אַרום מיט גאָלדענע תבואות און מיט א טיף־בלויען הימל פון אויבן — איז אים עפּעס לייכטער געוואָרן אויפן געמיט: — דאָ איז ער, דער באהארצטער עמק, וואָס האַלט־אָפּן זיינע פליינען, אָרעמס און

הערצער פאַר אַלע לאַדונגען פון חרובע שיפלעך און צעווילדעוועטן הפקר־ים.

דער נאָענטער פייזאַזש האָט ביסלעכווייז פאַרטריבן די מרה־שחורה, איז מען אַריבער צו היימישע ענינים, דערנאָך ווידער צו מאָטלען, און באַמיט זיך אַרויסצומעלקן פון זיין שווייגן וואָס מער, ווענן זיינע זעל־נערשע יאָרן, ווענן דער בריגאַדע, נאָר אַז מ'איז אַריבער צו דער בריגאַדע און מיט אים צום יידישן חורבן אין חוץ־לארץ — זיינען הענט אַראָפּגע־פאַלן, אויגן אויסגעלאָשן און ווידער דער צאָרן צעצונדן...

און פון בוכענוואַלד און אָשוויענטשים גייט מען ווידער אַוועק צו זרעים, באַוואַסערונג, שטייערן, תבואות, בהמות, פּרוכט און טראַקטאָרן — און ווידער: סערטיפיקאַטן, קרובים עליה. אַזוי זיינען זיי שוין, די מענטשן פון פעלד; אַזוי איז דאָס לעבן. אַזוי — אַזוי — אַזוי... האָט מאָטלען די באַן פּרובירט פאַרוויגן, „אַזוי"!

— מאָטל, מאָ־טעל־ע.

— אבא!

— א ב א ל ע !

מאָטל איז געשטאַנען אַרומגערינגלט פון די דריי — דבורה, ארנון און רינה.

— אבא!

— אבאלע!

פון דער באַן איז שוין לאַנג קיין זכר נישט געבליבן. די געציילטע מענטשן אויף דער פּלאַטפאָרם זיינען פון טאַקט אַוועק אָן אַ זייט. ערשט נאָכדעם, ווי דער ערשטער פרייד־אויסברוך איז אַוועק, און מאָטל מיט זיינע האָבן זיך געלאָזט צום וואָגן, האָט מען זיך גענומען צו מאָטלען מיט די שלום־עליכמס, מיט די האַלדזונגען, און מיט די שטעכעדיקע קושן פון נישט־ראַזירטע דאָרפישע באַקן.

אויפן וואָגן איז מאָטל געזעסן אינמיטן אויף אַ קישן פון שמעקע־דיקן היי. אויפן שויס האָט ער געהאַלטן רינהן, און איבערן נאַקן פאַר־וואָרפן דבורהס האַנט. נאָר ארנון האָט, שטייענדיק מיט צעשפּרייטע פיס, מיט געמאַכטער באַלעגאַלישקייט, כוואַטסקע געשמיסן די לופט מיט דער בייטש. פון זיין גאַנצער פּאָזע האָט אַרויסגעשריגן: „זע, אבא, וואָס פאַר אַ בריהשער תכשיט איז דאָ אויפגעשטאַנען, ווען דו ביסט געווען אין דער פרעמד..."

—וויאָ, קכבררעע־ע, וויאָ־אָ!

געווען איז עס פּריוויטיק פּאַרנאַכט, ווען דער גרויסער קבוצה־הויף האָט אינגאַנצן געשמעקט מיט שבת.

דער גלאָק האָט פרייליך געקלונגען און פון אַלע זייטן האָבן מענ־

טשן געשטראָמט מקבל פּנים זיין מאַטלען צוזאַמען מיטן שבת. פון די עלטערן־צימערלעך האָבן שבת־ליכט געפלעמלט און פונעם מנין האָט זיך אַ זקן היימיש־פאַרבענקט געציקלט:

„התעוררי, התעוררי, קומי, קומי, אורי"...

דעם גאַנצן וועג פון וואָקזאַלעכל ביז צו דער קבוצה האָט מאַטל גאַרנישט געזען און גאַרנישט געזוכט צו זען, אַזוי פאַרנומען איז ער געווען מיט דער משפחה. און טאָמער האָט ער שוין יאָ די אויגן אויפגעריסן, האָט ער זיי נישט געקאָנט אַראָפּנעמען פון דבורהן מיט רינהן און פונעם געשטאַלטיקן זון. ערשט אין הויף, ווען ער איז אַראָפּ פון וואָגן, האָבן זיינע אויגן זיך פאַרגונען צו פאַרנעמען דעם אויסגעוואַקסענעם אַרום מיט אַלע ענדערונגען: עס זיינען צוגעקומען נייע בנינים, נייע דעכער, פון פלאַנצן זיינען אויסגעוואַקסן ביימער, פון נאַקעטן פעלד — ווייך און פרוכט־גערטנער, שוואַרצע טשופּרינעס זיינען מיט זילבער דורכגעשפּינט געוואָרן און גלאַטע פּנימער מיט קאַרבן צעאַקערט. יוגנט איז זיך ווי דעמבעס צעוואַקסן, און פון דער טשאַטע צוויטשערנדיקע קינדער קען ער כמעט קיינעם נישט, אַ כיבע לויטן אָנבליק פון באַקאַנטע חברים. געבליבן איז אויפן דאַך פון אַלטן שטאַל נאָר דער אַלטער באָטשאַן־נעסט, וואָס ער האָט מיט זיינע אייגענע הענט מיט יאָרן צוריק אויסגעבויט. געבליבן נישט־פאַרענדיקט דער הימל פון אויבן מיט די וואָרקנדיקע טויבן, וואָס האָבן זיך געדרייט בחברותא איבער די קעפּ ווי שותפים צום קבלת־פּנים. אַט שטייט ער דאָ אין שפּרודלדיקן מיטן, פאַרבלינעט מיט פרייד, כאַטש צי־אויס די זעלנערישע הענט, נעם אַלע, אַלע אַרום, דריק עס צום האַרצן, אַז די ריפּן זאָלן קנאַקן.

דערווייל, ווען מאַטל איז דאָ געשטאַנען אַזוי צעחושט מיט אַ פייכטקייט אין די אויגן, האָט דער חצרן איבערגענומען דעם וואָגן. זיינע פּעקלעך האָט מען פּשוט אַראָפּגעוואָרפן אין מיטן הויף. דער עולם האָט אים אָן שהיות אַרומגערינגלט מיט אויסגעשפּרייטע הענט און אָפענע הערצער, און ווי מיט אַ שטראָם אַריינגעצויגן אין גרויסן ליכטיקן עסזאַל, וואָס האָט געשימערט מיט ווייטע שבתדיקע טישטיכער.

דער עס־זאַל האָט גערוישט, ווי אַ געפּאַקטע שול שמחת־תורה צו הקפות, און דער ייִדישלעכער ריח פון געקאָכטע פיש האָט אַלעמען אויף אַ רגע, אויף איין אויגנפּינטל, ווייט אונטערן באַוווּסטזיין, אַ טראָגגעטאָן דאָרטן, אינעם פאַרלוירענעם היימישן דאָרטן, און אַ כמאַרע פון נאָגנדיקער בענקשאַפט, אַ קוים־באַמערקטע, האָט אַלע פּנימער פאַרצויגן...

נאָכדעם איז מאַטל געזעסן אויף זיין שטענדיקן אָרט, ווי ס'וואָלט קיינמאָל נישט געווען פאַרנומען פינף יאָר דורך אַן אַנדערן. ער איז

געזעסן אַרומגערינגלט פֿון זיין ווייב, קינדער און נאָענטסטע חברים. פֿרייד האָט געשטראַמט, און דער געזאַנג פֿון פֿרייטיק־צו־נאַכט האָט גע־שפּאָלטן די שטיינערנע מאַסיוון פֿון גלבוע.

אזוי האָט מען אָפּגעזונגען דאָס אָוונט־עסן און אַרויס אויפֿן גראָז, ווער צום טאַנץ און ווער מידע גלידער אויסציען אין דער אָוונטיקער לופֿט. רינהן האָט מען מיט גוואַלד פֿאַרנומען אין קינדער־הויז, נישט צו שטערן דעם קינדערישן סדר, און אַרנון האָט צווישן דער צעוואַקסע־נער יוגנט באַוויזן זיינע בעסטע בריהשקייטן אין טאַנץ. מאָטל מיט דבורהן האָבן זיך שטיל אַוועקגעגנבעט צום זעלבן מקום, וווּ זיי האָבן זיך געזעגנט מיט פֿינף יאָר צוריק. שטומע זיינען זיי דאָ געשטאַנען צונויפֿ־געשמידט איינער צום צווייטן, בעת פֿינגער פֿון פֿראָזשעקטאָרן האָבן ווייט־ווייט אין די הימלען גענישטערט און גיך זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד מיט סנאָפּעס ליכט צו בעזעמען די פֿעלדער, טאָמער דרייען זיך דאָ אַרום אָט יענע ייִדישע בחורים, וואָס וואַרפֿן אַזאַ פּחד אַרום...

— 4 —

מה טובו אהליך יעקב! — ווי באַהאַרצט און טייער עס זיינען די צעשפּרייטע ייִדישע ישובים אין ביינאַכטיקן גרינס, ווי דערקוויקנדיקע אָאַזיסן אין גרויסן טיפֿן ים פֿון שנאה אַרום...

...ס'האָט שוין גענומען גרויען דער טאָג. די שטערן האָבן געשי־מערט אין אַ צאַרטן ציטער, אוז העלע פּאַסן האָבן זיך צעלייגט אין די ווייטע נעפּלען, בעת מאָטל האָט געטראָגן דבורהן אויף די הענט אַהיים, אַ פֿאַרווייגטע. אַ גליקלעכע מיט אַן איינגערעדטן דרימל, אַ שווערע פֿון מזל־ברכהדיקן טוי, אַזוי ווי אַמאָל, אַמאָל אין די „חתן־כלה־נעכט".

פֿון די שטאַלן האָט מען שוין געהערט דעם עמער־געבראַזג, הענער האָבן מיט פֿליגל געפּאַכעט, גענומען וועקן דעם עולם צו שחרית. פֿייגל האָבן זיך צו שירה געגרייט. אָבער יענער שבת איז אינגאַנצן אַנדערש פֿאַרלאָפֿן ווי מאָטל האָט אים אויסגעחלומט אויף אַלע פֿראָנטן און מדבריות.

מיטאַמאָל האָבן זיך הונדערטער שדים־אויגן צעצונדן אויפֿן ווייטן כביש אין אַ ווילדן טאַראַראַם און אייזערנע וועגענער, וואָס האָט מאָט־לען אויפֿגעשווידערט מיט אַן אַלטן באַקאַנטן פֿראָנט־ניגון פֿון טויט און פֿון חורבן. דבורה האָט אויפֿגעשפּרונגען און אַראָפּ פֿון מאָטלס הענט. וואָס פֿאַר אַ וויסטער חלום. וואָס?

טאַנקען ברעכן־איין דאָס טויער פֿון דער קבוצה. דער גלאָק רייסט אַן אַלאַרם. די שומרים פּייפֿן. פֿייערלעך צעצינדן זיך אין די פֿענצטער.

האלב־נאַקעטע, פון שלאָף אויפגעריסענע מענטשן, לויפן פון אַלע זייטן. דער קינדער־היים וויינט, און אַלטע טאַטע־מאַמעס אין פּאַרצייטיקער וועש, מיט צעפּאַטלטע גרויע האָר און בערד, אין דער מיט.

וואָס?

קראַכט דאָס אייזערנע טויער אונטער דער לאַסט פון אַ שווערן טאַנק, ס'קראַכן אַלע פּאַרקאַנעס אַרום. רויטע ראַקעטן רייסן זיך צום הימל. אַ רגע נאָר דויערט די פאַרווירונג. אַ רגע בסך־הכל, און אַלע ווייסן, וואָס דאָ מאַכט זיך... ליגט זיך אַזוי אויס די גאַנצע עדה אויף דער איי־געגער שבתדיקער טייערער טוי־פייכטער ערד, מיט די פינגער און נעגל פאַרקלעמט, סאַמע אונטער די רעדער פון די רוטשנדיקע טאַנקען, און אַ שטים ווי אַ דונער שרייט דער מהומה אַריבער:

„לא נזוז מכאן!

„דא!"

„לא נזוז!" — שרייען קינדער, שרייען אַלט און יונג.

„מיר וועלן זיך נישט רירן!" — שרייען ווערטער אַריבער דעם מאַ־טאָרן־געבריל.

וואָס קומט דאָ פאָר? וואָס ווילן זיי?

— אבא! — שעפּטשעט רינה צו מאָטלען. — „אבא", זיינען דאָס אנגלים?

— אבא! — שרייט אַרנון מיט צאָרן. — האָסט כסדר געזאָגט און געשריבן, אַז דאָס זיינען אונדזערע פריינט. דעריבער מוז מען גיין אין מיליטער?

— אבא! זיי וועלן אונדז הרגענען?

— אבאלע! — וויינט אַ מיידעלע, וואָס האָט בכלל נישט קיין אבא. אַלע, אַלע קינדער שרייען אבא, שרייט זי אויך, און אַ נומער 33446 ברענט ווי אַ פייער אַראָפּ פון איר הענטל...

„איינע אַקציאָן, אַקציאָן", — שעפּטשען צווישן זיך אין דייטש־לשון נאָר־וואָס געקומענע בוכענוואַלדער און בערגענבעלזענער קוים דער־וואַקסענע יינגלעך מיט מיידלעך, און פון זייערע הענט ברענען אויך נו־מערן, נומערן.

„אַן אַקציע" — טענהט מיט זיך אַליין אַן איינהענטיקער פּאַרטי־זאַן, וואָס איז נישט לאַנג געקומען פון פּאַדבראַדזש...

די באַגינען־לופט אונטערן גלבוע איז יענעם שבת פרי פול געוואָרן מיט אייראָפּעיִשער ציוויליזאַציע: אַעראָפּלאַנען האָבן הימלען געריסן, מאַשין־געווערן האָבן געשטעפּט, קוילן האָבן געפייפט, מאָטאָרן האָבן גע־ברומט. אָט רירט זיך פאַראויס דער גרויסער טאַנק, וואָס האָט איינגע־ליינגט דאָס אייזערנע טויער. ער ברומט און הילכט אַלץ אַרום אין אַ גע־

ברענטן בענזין־געשטאנק. ער קריכט לאנגזאם און דרייט מיטן הארמאט, ווי א קראקאדיל מיטן קאפ, פויזעט מערדעריש שפאן נאך שפאן, און אט איז ער מיט זיין קאנוואי ממש אויף די אויסגעשטרעקטע הענט פון דער ערשטער שורה יידן, וואס ליגן אויף דער ערד.

„איבער אונדז וועט ער פארן, נישט אנדערש א שפאן פאראויס, נישט אנדערש א טריט, איבער אונדז, איבער אונדז"... — האבן זיך די אויגן צעצונדן מיט פייערן פון אלע אייראפעישע קרעמאטאריעס און דורכגעלעכערט דאס הארץ פון טאנק, וואס איז מיטאמאל געבליבן שטיין פארגאפט, מיט דער רער פונעם הארמאט אין אלכסון.

אז דער טאנק איז שטיין־געבליבן איז פון דער ערד ווי ארויסגע־וואקסן א שורה נאר־וואס צוריקגעקערטע יידישע זעלנער מיט אלע מע־דאלן פון אלע קאמפאניעס אויף די ברוסטן צעהאנגען, מיט איינעם אזא אויף צוויי קוליעס געשטיצט. זיי האבן זיך געלאזט כאפן א שמועס מיט זייערע וואפן־„ברידער" פון אל־עלאמיין און טאברוק און — — — זיי האבן א תשובה באקומען:

די וואפן־ברידער האבן זיך א ווארף־געטאן אויף דער אויסגעלייג־טער עדה. עס האבן זיך צעשפילט קאלבעס פון ביקסן איבער קעפ און גופים.

אין עטלעכע שעה האט מען חרוב געמאכט און געבראכן יידישע פראצע פון צוואנציק יאר — א מלחמה אזא, וואס נאך קיין גענעראל אויף דער ערד האט נישט פלאנירט: מיידלעך, ווייבער, נישט באוואפנטע מענער, יוגנט און זקנים — אלט און יונג האבן זיך אויסגעמישט אין איין משונהדיקן כאאס מיט געשולטע זעלנער, באלאדענע און באוואפנ־טע מיטן מאדערנסטן געווער.

צוועלף זעלנער האבן קוים אפגעריסן פון באדן איין איינציקע יידי־שע פרוי. א קוילנגרעבער פון בריטאניע האט זיך געראנגלט מיט א צען־יעריק יינגל.

א זיבעציק־יאריקע יידישע מאמע האט זיך געווארפן אויף א סער־זשאנט, מיט אירע גרויע האר אויפן ווינט. זי האט אים מיט נאך אזעל־כע דריי פאריאגט מיט אירע גרויע האר, ווי מיט א וואלד באגנעטן... און דארטן אין א צימערל, וווּ א צווייטער האט זיך געלאזט מלחמה האלטן, האט א יידיש קינד פון קיעלץ אין פוילן, פון אונטער א שאפע ארויס נאר מיט אירע גרויסע תהום־טיפע אוישוויץ־אויגן, פאריאגט צו־זאמען מיט זיין געווער.

דערפאר האט אן אנדער זעלנער מער הצלחה געהאט מיט אן אנ־דערער מאמע: ער האט איר דאס קינד פון ברוסט אפגעריסן און זי גע־פאנגען, באמת געפאנגען.

און נאָך און נאָך אַזעלכע מעשׂים, וואָס מיר וועלן אפשר יאָ און אפשר נישט לייענען אַמאָל אין די דברי־הימים פון יענע טעג, ווען מען וועט ברעכן די קייטן נישט בלויז פון די פיס, נאָר אויך פון מויל.

דעם שבת האָבן די זקנים נישט געדאַוונט בציבור אין יענער קבוצה. דער „שוכן־עד" איז געבליבן דערשטיקט ביים בעל־תפילה אין האַלדז. דעם שבת זיינען די בהמות צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן געבליבן אָן אַביסל גרינס און אָן אַביסל וואַסער און נישט געמאָלקן. הונדערטער עופות האָבן געפּגרט פון היץ און דורשט, און די עס־שטוב איז אין מיטן שלאַכט־פעלד געשטאַנען ליידיק און פּוסט. הינט האָבן זשעדנע געזויפט די זופּ פון די טעפּ און זיך געביסן צום טויט פאַר יעדן שטיק שבת־פליש. מחנות מוראַשקעס האָבן זיך געלאָזט צום האַלבן זאַק שוואַרצן צוקער, און די טויבן האָבן געוויינט פון אַלע דעכער אַראָפּ.

די בינען! די בינען פון קבוצה ווייסן נישט פון קיין חכמה. זיי האָבן נישט געמאַכט קיין „פּאַסיוון ווידערשטאַנד" כדת וכדין. ווען די סאָלדאַטן האָבן זיך געוואָרפן אויף די באַטויטע זאַפטיקע פלוימען אין גאָרטן, האָבן זיי געלאָזן זייער מלכה אַליין און זיך געוואָרפן באַשיצן זייערע שפּייזער — דיביימער. די בינען האָבן זייער פליכט בנאמנות דערפילט. — — —

נאָכמיטאָג. די זעלנער, באַרוישטע פון דער שלאַכט, האָבן יעדער פאַר זיך געציילט די טראָפייען: זייגערלעך, מיט פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן, פולפעדערס מיט זיידענע טיכלעך, בצלאל־שפּילקעס, טייסטערלעך, פושקעס, און מיט ווייבערשע וועש, האָט מען זיך נישט געמיאוסט. מלחמה איז מלחמה...

יענעם שבת האָט די קבוצה קיין פרישטיק און קיין מיטאָג נישט געגעסן. זיי זיינען געשטאַנען אויף אַזאַ אומשלאָג־פּלאַץ אין דער אייגענער היים מיט שטעכעדיקן דראָט פאַרצוימט, צוליב דזשענטלמעניש־קייט — מענער באַזונדער, פרויען באַזונדער.

די איינציקע, וואָס האָט זיך געפונען אויסערן אומשלאָג־פּלאַץ, פריי, נישט מיט באַנגנעטן באַוואַכט, איז געווען דבורה.

דבורה איז געזעסן אויף דער ערד אין איר צעריסן קלייד, מיט באָר־וועסע צעבלוטיקטע פיס, מיט טרוקן־געפּלאַצטע ליפּן. זי האָט מעכאַניש מיט אַ שטיקל קאָפּ־טוך די פליגן געטריבן פון מאַטלען, וואָס איז גע־לעגן אַן אויסגעלאָשענער, מיט אַן אָפן מויל און פאַרגליווערטע אויגן אויפן שטויביקן וועג, נישט ווייט פון דער שטאַל, ווו אויפן דאַך שטייט דער באַטשאַן־נעסט, וועלכן ער האָט אַמאָל געבויט.

אַ דינינקע ריטשקעלע בלוט האָט ווי פון אַ קוועלעכל פון זיין האַלדז געריזלט און זיך געשלענגלט אַראָפּ־צו איבער דער שורה ריפּכענע בענד־לעך פון אַלע ענגלישע מעדאַלן, וואָס האָבן זיין טויטע ברוסט באַצירט.

# נעגל

— .1 —

בעת דער פול־געפאַקטער אויטאָבוס איז געבליבן שטיין, אַראָפּצו־לאָזן און אויפצונעמען פּאַסאַזשירן, האָט זיך די פרילינגס־גאַס צעשריגן מיט באַנומענע קולות:

„ש—ל—ו—ם!"

„אַ סוף צו דער מלחמה!"

„ש—אַ—אָ—ל—ע—ם;"

האָט זיך אַ רודער געטאָן צווישן עולם. דער שאָפער איז ווי גע־ליימט געוואָרן, און דאָס קאָנטראָל־צוועגל איז אים אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט צוזאַמען מיט אַ הויפן קליינגעלט, וואָס האָט זיך אַוועקגע־קייקלט אונטער די בענק צווישן כלערליי פיס. אַ שוויים האָט אים אַרויס־געשלאָגן אויפן שטערן און ער האָט זיך אַליין אַ מורמל־געטאָן: „גאָט־צו־דאַנקען!"

דער עולם, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַ רודער־געטאָן, איז אויך גע־בליבן אַ רגע שטיל, פאַרגליווערט, ביז די ערשטע האָבן זיך אַ לאָז־גע־טאָן צו די פענצטער, כאַפּן די באַזונדערע אויסגאַבע פון דער פרעסע.

כאָטש די ידיעה איז שוין לאַנג געהאַנגען אין דער לופטן, ווי אַן אַנגעקוואָלענער ווינטערדיקער רעגן־וואָלקן, אָט־אָט אויסצוברעכן, — האָט זי אַלעמען דערשיטערט ביז דער טיפסטער טיף. און די יעניקע, וואָס האָבן די ערשטע באַוויזן צו כאַפּן די „עקסטרא־אויסגאַבעס", האָבן איינמאָל, נאָכאַמאָל און דריטן מאָל איבערגעחזרט די פּאָר גרויסע קי־דוש־לבנה־ווערטער, ווי דער וווּנדערלעכסטן חידוש. דערנאָך האָט מען זיך גענומען דריקן די הענט, אַרומנעמען און אָפּגעבן מזל־טוב; אַנדערע, ווידער, זיינען נאָך אַלץ געזעסן פאַרגליווערטע מיט אַנגעלאָפענע אויגן און פאַרקלעמטע הערצער.

דער ערשטער איז צו זיך געקומען דער שאָפער, וואָס איז אין די פּאָר געציילטע מינוטן פאַראיידלט געוואָרן און מיט אַ ווייך קול, ווי פון אַ פאַרליבטן, גענומען בעטן בילעטן, קלינגען מיט קליינגעלט, ביז די

אויסגעלאָשענע מאַשין איז צוריק געקומען צום לעבן און זיך געלאָזט אין וועג.

זיינען אוועק אַ פּאָר מינוטן נסיעה און פון צווישן עולם האָט זיך אַרויסגעשניטן אַ ביטערער שלוכצן. מען האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען, אַז דאָס שלוכצט אַ בלאָנדער שמעקעדיקער קאָפּ, אַראָפּגעבויגן איבער צוויי ווייסע פאַרבראָכענע הענט, ווי צו אַ תפילה. דאָס שלוכצן איז פאַמעלעך אַריבער אין אַ שטילן געוויין, אָן איבעררייס.

האָט דאָס געוויין אויסגעניכטערט און צו זיך געבראַכט דעם אויפגערודערטן עולם, וואָס האָט זיך גענומען שטיל איבערמורמלען, ווי אויף אַ לוויה. אַן עלטערע פרוי האָט קרעכצנדיק אַ זאָג געטאָן: אַ „שיינער שלום איבער די יידישע חורבות"...

אַ שאַרפער קלינג. דער אויטאָבוס שטייט. דער שאָפער האָט צוריקגעצויגן זיין שאַרפן בייזלעכן פּנים. מענטשן גייען אַריין דורך איין טיר און גייען אַרויס דורך אַ צווייטער. דער בלאָנדער קאָפּ איז נאָך פאַרנייגט אויף די פאַרבראָכענע הענט און שלוכצט. אירער אַ שכן, אַן עלטערער ייִד מיט אַ ווייסגרויער באָרד, האָט איידל אַ ריר געטאָן איר צוקנדן אַקסל און פאַרשעמט אַ זאָג געטאָן: „וואָס איז ס'געוויין, טאָכטער? — אויב מיר האָבן נישט קיין פרייד אין דעם איצטיקן שלום, לאָמיר זיך פרייען איבער דער מפּלה פון די צוררי ישראל". אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער צו זיך אין באָרד אַריינגעזאָגט: „און אַנדערע ווײַנען פון פרייד?"

ווייזט אויס, אַז די לעצטע ווערטער האָבן גוט געטראָפן. האָט זיך דער בלאָנדער קאָפּ אַ ריס־געטאָן פון די הענט, אַ שאָקל געטאָן מיט די שמעקעדיקע האָר און דערלאַנגט איר שכן, דעם עלטערן ייִד, אַ פּאָר פאַרטרערטע אויגן, ווי צוויי דורכגעריסענע בלויע שטערן פון אַ בלייענעם חשוונדיקן הימל אַרויס.

„אַט אַזוי", האָט דער אַלטער געטענהט ווייטער צו זיך אין באָרד אַריין, „כן יאבדו כל שונאיך, אדוני"...

פונעם בלאָנדן קאָפּ איז אַפּערגעוואַקסן אַ הויך־געשטאַלטיק מיידל מיט אַ פּאָר בלויע אויגן און אַביסל פאַריסן נעזל. זי האָט נערוועז אויפגעריסן ס'רעדיקיול, אַרויסגענומען אַ טיכעלע, וואָס האָט פאַרשפּרייט אַרום אַ פיין־פיינינקן ריחל פון פּאַרפום, מיטן טיכעלע אַרומגעגלעט ס'לענגלעכע פּנים, אויסגעווישט די בלויע אויגן, זיך אַ הייב־געטאָן, און שאַרף צוריקגעזעצט. זי האָט זיך ווידער אַ גראָב־געטאָן אינעם רעדיקיול, עפּעס געגישטערט, ביז זי האָט געפונען אַ פּירקאַנטיק שפּיגעלע מיט אַ שאַרף רויטן הינטערגרונט; זי האָט נאָך עפּעס אַרויסגעפישט פון דאָרטן, אַ ציטער געטאָן, און מסדר געווען אַ רויקע מאַסקע פון דין־דינינקע

ברעמען אַפּער די גרויסע וויעס; ווי דער אַ פייניקער ריחל, אַ פרעכטיק נישט־נאַטירלעך רויט מויל, צוגעפּודערט דאָס פאַריסענע נעזל, און עס זיצט שוין אַן אַנדער מיידל: אַ שטאָלצע, אַ ווי אָן אַ האַרץ.

אָ צי ס׳לעדער־שנירל איבערן קאָפּ. די מאַשין קרעכצט מיט אַ שניידיקן געוויין און שטייט. ס׳מיידל הייבט זיך אויף; שפּאַרט זיך דורך אַ וועג דורך דעם פולן שמאָלן דורכגאַנג צווישן די בענק און — נישטאָ. אָבער ווי נאָר דער אויטאָבוס האָט זיך גערירט, האָבן אַריינגעלויכטן דורכן פענצטער אירע בלויע אויגן און אַ מורמל־געטאָן צום עלטערן ייִד: „סליחה, שלום״.

— .2 —

שפּעטער האָט מען זי געזען זיצן אויף אַ באַנק אין ראָטשילד־בולוואַר, אונטער אַ פעפער־בוים, וואָס האָט נאָך נישט באַוויזן אַראָפּצוּוואַרפן פון די גרינע פעפער־הענגעלעך די גאַנצע בליִונג. זי איז געזעסן פאַרטיפט איבער אַ צעקנייטשטן באַשטעמפּלטן קאָנווערט מיט אַן אַריינגעפּרעסט הערצעלע, ווו ס׳איז געווען אַריינגעחתמעט אין ענגליש: „פאַסט טזשע צענזאָר״, אַ נומער, מיט אַ דאַטע. אינעם קאָנווערט איז געלעגן אַ שמאָלער שטרייף פשוט גרוי־ווייסלעך פּאַפּיר מיט בסך־הכל צוויי שורהלעך מאַשינקעכתב, וואָס האָט געשמעקט מיטן ריח פון ערגעץ אַמיליטעריש ביידל אין אַ בלאָטיק אויפגעריסענעם פעלד. די צוויי שורהלעך האָבן איר, דער „מים חדוה״ צוּוויסן געטאָן, אַז:

„פּרייוועט נומער 178564, מאיר קאַגאַן, איז פאַרוווּנדעט
און געפינט זיך אין פעלד־שפּיטאָל נומער 645. ער האָפט בקרוב
צו זיין אויף אורלויב.״

אין דער אמתן הייסט זי גאָר פריידל, און זי וואָלט גראַד איצט גאָר גליקלעך געווען צו הערן דאָס וואָרט „פריידל״ פון אַ מויל אונטער אַ פּאָר פריצישע ברוין־בלאָנדלעכע מיט ווייסע פעדים דורכגעוועבטע וואָנצעס. פון אַ מויל, וואָס האָט אונטן אַ פּיטשניק קמץ־בערדל, וואָס געהערט דעם וואַלד־סוחר הירש ברויטמאַן פון אַ שטאָט אין פּאָליעסיע — איר פּאָטער. ווי גליקלעך זי וואָלט געווען צו הערן דאָס וואָרט „פריידעלע״ פון נאָך אַ מויל, וואָס איז אויסגעשניצט אויף אַ סאַמעט־ווייכן פּנים צווישן דינע קנייטשעלעך — איר מוטערס, די געשטאַלטיקע גאַוההדיקע פרוי מיטן צונאָמען „מירעלע אפרת״, וואָס פלעגט קיינמאָל נישט גיין איבער די גאַסן פון דער שטאָט אין פּאָלעסיע, נאָר שוועבן פאַרביסן, ווי אַ פּאַווע מיט אַ פריזירטן זילבערנעם קאָפּ, אָנגעלענט אויף אַ גאַוההדיקן גבירישן האַלדז, וואָס איז אַמאָל געווען ריינער אייז־קאַלטער אַלבאַסטער.

זי האָט זיי פאַרלוירן מיט 7 יאָר צוריק, אַ יאָר פאַר דער מלחמה, בעת זי איז געקומען צוזאַמען מיט איר „קן״ קיין ארץ־ישׂראל.

זיצנדיק אויף דער באַנק אונטערן פעפער־בוים, זעט זי ביידן, דעם פאָטער מיט דער מוטער, ווי זיי שטייען פאַרן אָפענעם ברייטן פענצטער פון וואַגאָן אויפן וואָקזאַל. דער פאָטער מיט די פריצישע וואָנצעס און קמיץ־בערדעלע, מיט פייכטע אויגן, גלעט איר די האַנט, און די מוטער, ווי אַ סטאַטוע מיט אַ זילבער־פּריזירטן קאָפּ, וואָס באַוויליקט קוים אַ פינטל מיט אַן אויג, נישט ווי איר פריידעלע וואָלט ד אַרויסגעפלויגן פון דער נגידישער נעסט, נאָר ווי עפּעס אַ נישט פאַרבעטענע אָרעמע קרובה, וואָס איז געקומען אויף יום־טוב. „מירעלע אפרת״! — — —

אין ארץ ישׂראל האָבן איר די חברה, לאַכנדיק ביים לאַנגן שותפות־דיקן קיבוצישן טיש, פאַרענדיקט „אַרויסרייסן פון גלות״ און אָפּגע־טרייסלט „דעם פרעמדן שטויב״ מיט אַלץ מיטאַנאַנדער, צוזאַמען מיטן גלותדיקן נאָמען.

איינער אַ בחור, ווייזט אויס דער רעדנער פון קבוצה, האָט מיט אַ ניגון אויסגערופן „לא פריידה, אלא חדוה שמך יקרא בישׂראל״. „ביסט אין אַ נייעם לאַנד, ווו דו ווערסט אויס „באַרישניע״, נאָר אַ „נוציקער מיטגליד אין אַ שאַפנדיקן קאָלעקטיוו״...

...צווישערן אויבן פייגל פרילינגס־געזאַנגען, צוזאַמען מיט די קינ־דער, וואָס שפּילן זיך אין זאַמד און גרינעם גראָז. און זי זיצט און דרייט דעם קאָנווערט מיט די שטעמפּלען מיטן „הערצעלע״ פון צענזאָר, צווישן אירע לאַנגע פינגער מיט די פּאָלירטע רויטע נעגל; די זעלבע פינגער, וואָס האָבן זיך דאָרטן אין קיבוץ אונטער דעם אַלטן באָקסער־בוים, גע־פּלאָנטערט אין מאיר קאַגאַנס צעפּודלטן קאָפּ, וואָס ליגט איצט ערגעץ אויף אַ קישעלע און פעלד־שפּיטאָל נומער 645, „ערגעצוווּ״ אין איטאַ־ליע. זאָל דער שפּיטאָל זיין אין אַן אַלטן פּאַלאַץ, און אפשר אין אַ שולע, ווו ס׳הענגען הייליקע בילדער אויף די ווענט, בראש מיטן פּאָרטרעט פון וויקטאָר עמנואל דעם קיניג, דעם דוטשעס בילדער האָט מען דאָך פאַר־ברענט צוזאַמען מיט זיינע מענטשן. און אפשר ליגט ער גאָר אין אַ שפּי־טאָל אין אַ לייוונטן ביידל, גאָר נאָענט צום פראָנט (ווי מען זעט עס אויף די בילדער אין די צייטונגען?) אַרום דונערן האַרמאַטן און אַלע ווילע קוילערן זיך מיט אַ פייפעריי און גהינום־רעש אַעראָפּלאַנען.

— מאירקע! צי קענסטו כאָטש אַראָפּ פון בעט? און ווו ביסטו פאַרוווּנדעט?

נישטערט זי ווידער אין טיפן רעדיקיול, וואָס האָט פאַרבאָרגן, ווייזט אויס, אַלע אירע אוצרות, וועלכע זי טרויט נישט איבערצולאָזן אינדערהיים, אינעם קליינעם בשותפותדיקן צימערל אויף אַ דאַך אין דער דיזענגאָף־גאַס. שלעפּט זי אַרויס אַ בריוו מיט אַ פירמע־קאָנווערט:

„האַלץ־מסחר פון הירש ברויטמאַן, געגרינדעט אין יאָר 1889", און פאָר־נעם קאָנווערט־אַרויס ווידער אַ פירמע־בלאַנק פון אַ בריוו, וווּ הירש ברויטמאַן שרייבט איר אין פּשוטן ייִדיש:

„איצט, ווען די ערד ברענט אונטער די פיס פון פּוילן, ווען אַלץ און אַלע צעפאַלן זיך אין קאָנוווּלסיעס און ווייסן נישט, וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען, האָט זיך די מוטער באַרויִקט, און מיר דוכט זיך, אַז זי האָט דיר פאַרגעבן דיין נסיעה קיין פּאַלעסטינע. איצט שטייט שוין דיין בילד אונטערן גלאָז, אין סערוואַנטקע צווישן די זילבערנע בעכער, אָנגעלענט אויפן „בשמים־ביקסל", און ווען קיינער זעט נישט, שטייט זי און קוקט און שווייגט ווי תמיד, און איך טענה צו איר: „זעסט, די נסיעה פונעם קינד איז מן השמים. זאָלסטו, אונדזער איינציק קינד, זיין געראַטעוועט"...

דער בריוו איז דאַטירט דעם 12טן אויגוסט 1939, און איז דער לעצטער פון איר געוועזענער היים...

ליגט זי דעם בריוו פאַרזיכטיק צונויף מיט די לאַנגע ציטריקע פינגער און זעט צוקאָפּנס שטיין איר פאָטער מיט די פּריצישע וואָנצעס. ער שטייט און שמייכלט — און איר פאַרקלעמט דאָס האַרץ...

ארום שרייען ייִנגלעך:

„שלום".

„דער קריג איז געענדיקט!" — „עקסטרא אויסגאַבע!"

וויינט אין איר ס'לייב־און־לעבן, און דער געשריי „שלום", ווי ער וואָלט מיט טויזנט האַמערס געקלאַפּט אין בלאָנדן קאָפּ: „שַ־ל־וּ־ם, ש־ל־ו־ם"...

און אַז זי באַרויִקט זיך אַ ווײַלע, האַלט זי אין האַנט נאָך אַ שטיקל צעקנייטשט פּאַפּיר, געשריבן מיט אַ בלייפעדער אין אַ האַרבן העב־רעיִש:

„...און אַט, חדוה שלי, זיינען מיר ענדלעך אויפן פראָנט. אַרום שפּילט אַ סימפאָנישער אָרקעסטער פון די פאַרשידנסטע כלי־מש־חית. האַוביצער דונערן אויף גאַסן, טאַראַפּעדעס פייפן אויף פּייפ־לעך, און קוילנוואַרפער באַראַבאַנעווען צו דעם דרויב: טאַ־טאַ־טאַ־טאַ. איבער אונדזערע קעפּ קוילערן זיך די אַלומיניום־פייגל מיט אַ טויטן וואָיען און פאַרברילן און שרייען־אַריבער דעם גאַנצן רעש, וואָס זיי פאַרענדיקן מיט אַ וואַלקאַנישן דונער".

„זיץ איך דאָ מיט נאָך בחורים פון דער ייִדישער בריגאַדע אי־נעם בלינדאַזש, און דער דאָזיקער טויט־שטורעם־קאָנצערט קלינגט אונדז ווי די שענסטע מוזיק; אַ מוזיק, וואָס ברענט דיר אין בלוט

און שרייט: פאַרוואָס האַלט מען אונדז אין די בלינדאַזשן און מען לאָזט אונדז נישט אַרויס אין פרייען צעווילדעוועטן פעלד, וווּ בסך־הכל מיט 200 מעטער ווייטער, איבער דער לאַנקע, ליגן זיי פאַר־גראָבן; זיי, די רוצחים פון אונדזער פאָלק; זיי, די שענדער פון „צלם אלהים"?

„אַ חדוה, ווי דאָס בלוט זידט, ווי די הענט רייסן פיבערדיק די שלעסער פון דער ביקס. די רער איז אָנגעגליט; און מיר ליידיקן אויס איין קויל־לאַגער נאָכן אַנדערן. מיר האַלטן אין איין שיקן צו זיי פייפנדיקע טאָרפּעדאָס, ווי פייגל מיט טויט אין זייערע שנאָבלען, און ווינטשן זיך נאָר, אַז דאָס מינדעסט פיצל בליי זאָל נישט גיין פאַרלוירן, נאָר טרעפן אינעם טריפהנעם טעווטאָנישן האַרץ אַריין איבער יענער זייט לאַנקע"...

בריט איר די נשמה, ווי ס׳בריט מאירקען די פינגער פון דער אָנ־געגליטער ביקס, און זי לייענט שוין צום צענטן און אפשר צום צוואַנ־ציקסטן מאָל, פון אַ צווייטן פּאַפּיר, פאַרשריבן מיט בלייפעדער, אין פוי־ליש לשון:

...„האָבן מיר זיי געטראָפן, די פאַרוואָגלטע ברידער אונדזערע, די פליטים, די רעשטלעך פון פאַרשיידענע ייִדישע ישובים.

„רבונו של עולם! ווי זיי זעען אויס, ווי די הויט הענגט אויף טרוקענע ביינער, ווי עס ציטערן זייערע טרוקענע ליפּן; אויסגעלאָ־שענע מענטשן!

און ווען דו זעסט די קינדער מיט דיינע אויגן! ווען דו זעסט זייערע אויגן, ווי תהומען פולע מיט שרעק, מיט אַנגסטן, און זייע־רע הענטלעך מיט פינגערלעך, ווי שוועבעלעך דינע און טרו־קענע" — — —

„צעצינדט זיך אין דיין דרינען אַזאַ זודיקע לוסט, ווי ביי אַ ווילדער חיה; זיך וואַרפן דאָרטן, פון יענער זייט לאַנקע, וואָס גיי־כער, וואָס גיכער, וואָס שנעלער און מיט די אייגענע הענט צערייסן זיי, די רוצחים, מיט דער קאָלבע פון ביקס ברעכן די קרעציקע גע־ניקן" — — —

„ווי גליקלעך כ׳וואָלט זיין, ווען די מייניקע, דיינע, אונדזער אַלעמענס משפחות וואָלטן זיך אָפּגעזוכט כאָטש אין דעם מעמד, כאָטש לעבעדיקע, ווי אַט די פליטים, מיר זאָלן זיי קענען אַרומנעמען און שטאַרק צודריקן צום האַרצן און טרייסטן, גלעטן, פאַלן צו זייערע פיס און וויינען, ווי פשוטע ייִדישע ווייבער צו תפילה זכה אין שול און בעטן פאַרגעבונג, הלמאי אונדז איז בע־סער ווי זיי"...

שלום!

שלום! „עקסטרא אויסגאבע".
ש—ל—ו—ם!
שטורעמען די גאסן ארום מיטן נצחון־געשריי, און די קינדער דא אויפן ראטשילד־בולוואר, ווי טשאטעם פייגל, פארהילכן די גאס. מוזיק דונערט פון אלע קאפעען ארום. מענטשן דריקן זיך די הענט־ ווער שטור־מערהייט, מיט פארקלעמטע הערצער, און ווער מיט געמאכטער אויפ־געלייגטקייט. פלאטערן די ערשטע פאנען פון באלקאנען־אראפ. און זי, חדוה, שפרינגט־אויף פון דער באנק, ווי פון א שלאנג געביסן. זי האט כמעט פארגעסן אז באלד פאלט־צו די נאכט און זי מוז צוריקגיין צו דער ארבעט — דארטן אין גרויסשטאטישן פריזיר־סאלאן, וווּ זי ארבעט ארי־בער צוויי יאר צייט; באלד ווי זי האט פארלאזט דעם קיבוץ, נאכדעם, ווי מאירקע איז אוועק אין מיליטער.

.3

גיט זי זיך ווידער א גראב־אריין אין רעדיקיול און איז מסדר א מאסקע פון א פנים, א געשטאלט פון א הארץ, א פרידלעך געשטאלט מיט א שמעקעדיקן קאפ, צוויי בלויע אויגן פארפאסטע אונטער דינע ברעמען, צווישן לאנגע וויעס, אן אביסל פארריסן נעזל מיט א שיינעם מויל פון נישט נאטירלעכן רויטס.

זי נעמט זיך צונויף און גייט גלייך, אויסגעצויגן. דוכט זיך, אז איר גאנג איז איצט ענלעך צו יענער פרוי פון דער שטאט אין פאלעסיע מיטן צונאמען „מירעלע אפרת", נישט זי גייט, נאר זי שוועבט ווי א פאווע, זי זעט קיינעם נישט ארום און פארבינדט צוריק דעם פאדעם פון דער אפגעריסענער מחשבה...

פארלאזט דעם קיבוץ. יא, פארלאזט! גוט צו זאגן, לייכט צו ריידן, וואס הייסט פארלאזן דעם קיבוץ און נאכדעם, ווי מאירקע איז אוועק אין מיליטער, דעזערטירן? פארלאזט יענעם קיבוץ מיטן אלטן ברייט צע־צווייגטן באקסער־בוים וווּ זי האט אזויפיל הארץ פארברענט!

„רעצידיוו", האט אויף דער אלגעמיינער פארזאמלונג געברומט דער שטענדיקער רעדנער „רעצידיוו", קליינבירגערלעכער, בורזשואזער רעצי־דיוו. ס'ציט זיי די לייכטקייט פון שטאט. אט האבן מיר חדוהן פארלוירן. זי האט נישט אויסגעהאלטן. א חרפה פאר איר און א חרפה פאר אונדז"...

„רעצידיוו" — מורמלט זי אליין צו זיך איצט, גייענדיק דא אין ראטשילד בולוואר — „רעצידיוו".

שלום, ש־ל־ו־ם.

היינט גיי און דערצייל זיי, וואס עס האט זיך פארלאפן נאכדעם,

ווי מאירקע איז אוועק אין דער ארמיי. גיי און דערצייל ז יי אלעמען בפרהסיה, ווי דאָדיק איז איר פאַרגאַנגען דעם וועג, ווו נאָר זי האָט אַ טראָט געשטעלט; דערצייל זיי, אַז אין שטאַל פון איבער די פעק גע־פּרעסטן שטרוי, אַריבער די מעלה־גירהדיקע קי האָבן דאָדיקס דורשטי־קע תחנונימדיקע אויגן איר לייב געפרעסן, און ביי די הינערשטייגן איז ער איר פאַרלאָפן די טירן, און אין עסשטוב איז ער געזעסן ביים לאַנגן טיש, נישט געגעסן זיין מאָלצייט — נאָר איר, איר האָט ער געגאַנגט לע־בעדיקערהייט; דערצייל זיי, ווי ער פלעגט איר נאָכלויפן אַלע אָוונטן, און ווי אַזוי דאָס צימערל איז פאַר איר געוואָרן אַ תפיסה־צעל; דערצייל זיי פון דאָדיקס צעטעלעך, פאַרזייטע אומעטום אונטערן קישן, אין די גומענע בלאָמע־שטיוול, אונטערן טעלער. דערצייל זיי, ווי ער האָט איר אַמאָל געכאַפּט אונטערן באָקסער־בוים אַליין, ווו זי האָט זיך מתיחד גע־ווען איבערצולייענען מאירקעס אַ בריוו, וואָס האָט זיך פאַרשפּעטיקט; דערצייל זיי, ווי ער איז געלעגן איר צופוסנס אויף דער ערד און געוואָ־יעט, ווי אַ שאַקאַל, און איר שיער נישט אָנגעצונדן מיט רחמנות און — עקל; און דערצייל זיי, אַז דאָדיק איז בסך־הכל געווען מאירקעס בעס־טער חבר.

דערצייל זיי אַלץ.

„רעציִדיוו, קליינבערגערלעכער רעציִדיוו".

4.

דערשטיקטע פרייד פונעם ערשטן נאָך־מלחמה־טאָג האָט זיך עמער־ווייז געגאָסן אין די גאַסן פון תל־אביב, און דער גרויסשטאָטישער פּריי־זיר־סאַלאָן אויף דער נחלת־בנימין־גאַס איז געווען איבערפולט. פאַריק־מאַכער־יונגעלעך האָבן אָנגעצויגן גאָל־מעסערס אויף די אייגענער דלאָניעס און בריהיש פּרובירט איבערהאַקן אַ מעטושלעכע האָר. איינער האָט אַזאַ מערער געשמירט אויף אַ לעדערנעם רימען: פּאַס־פּאַס, פּאַס־פּאַס. שע־רעלעך האָבן קיצלדיק געצוויטשערט און פּולוויזאַטאָרן האָבן געזונגען מיט אַ פייכטן פאַרפיומירשן געזאַנג. אַלע אין ניקל געפּאַסטע ווייך־גע־בעטע פאָטעלן זיינען געווען פאַרנומען מיט „קליענטן". די געזעלן האָבן באַלאַנסירט אַרום זיי, ווי באַלעט־טענצער, און אויף אַ רגע נישט אויפ־געהערט זיס און איידל צו ריידן פון אַלץ אין דער וועלט: פון סטאַלינען (די פאַריקמאַכער רופן אים דאָ: „סטאַלינקע"), פון רוזוועלטן, פון ביר־גערמייסטער, פון ברידזש, פון גטן און חתונות, פון פעניצילין און קראַנק־הייטן, פון לאָנדאָן, פון מאָלאָטאָוון („מאָלאָטאָווקע"), יוטיליטי־קליידונג און פון בערלין, פון געבעלסעס הינטישן טויט, פון בריליאַנטן־מסחר, פון

פוטבאָל, פון ראַווינאַס נסיעה אויפן פראָנט, פון טעאַטער און פילם; זיי האָבן גערעדט די שערערשע רעדעריי, וואָס דרינגט־אַרויס פון דער פאַ־ריקמאַכערשער רוטין, צוגעפּאַסט צום געמיט און סביבה פון יעדן קליענט. דאָס מאָל איז די גערעדעריי געווען געדיכטער ווי תמיד, ווייל די לופט איז פול געווען מיט די ערשטע נאָכמלחמה־שעהן, געמישט מיטן ריח פון באַנאַלן אָדעקאָלאָן און ביליקן פודער. די שערעלעך האָבן געצוויטשערט, די מאַשינקעס האָבן געשטעפּט און די פולוויזאַטאָרן האָבן געזונגען מיט וואַסערדיקן פאַרפיום.

אויף איינעם אַזאַ ווייך־געבעטן פאָטעל איז ברייט צעוואָרפן געלעגן די פיגור פון אָדון וואַקסמאַן, דער באַקאַנטער מלחמה־גביר, וואָס איז בסך־הכל מיט אַ פינף־זעקס יאָרעלעך צוריק געווען אַ פשוטער „סעקאָנד־דרייווער" (געהילף־שאָפער) און אַ שטענדיקער קונד פון מאַכלעסעס שענק אויף דער גאַס צווישן יפו און תל־אביב. דאָס איז געווען אַמאָל (ער פלעגט זאָגן: „מיט אַ ווייעק צוריק"). איידער ער האָט זיך אַריינגעאַר־בעט ביים מיליטער; איידער זיינע צוואַנציק לאַסט־אויטאָמאָבילן האָבן געפירט מיליטערישן גוטס, ווען אַ גומע (אַ „טייער") האָט נאָך געקאָסט אַ פינפערל; ווען אַט די גומע האָט מען כשר געקויפט און געשעפּט נישט אויפן שוואַרצן מאַרק אין דער עליה־גאַס, אָדער אויף דעם אָדער יענעם ווינקל־שטעג צווישן די ווייך־ און מאַראַנצן־סעדער פון רחובות און פתח־תקוה. דעמאָלט האָט אַזאַ גומע געגעבן פאַרדינסט אַ האַלבן פונט און נישט אַ פינפאון־צוואַנציקער מיט אַ „סמיטשיק" באַקשיש, ווי היינט, לויט ווי אָדון וואַקסמאַן דערציילט. דעמאָלט האָט זיך אָדון וואַקסמאַן נישט געגייטיקט אין פריזיר־סאַלאָן, ווייל ער האָט פאַרמאָגט, אַן אייגע־נעם גאָל־מעסער, וואָס ער פלעגט אָנציען אויפן הויזן־רימען; און דעמאָלט פלעגט וואַקסמאַן פוצן די נעגל יעדן צווייטן ראש־חודש מיט אַ פשוטן טשוואָק, אָדער מיטן שאַרף פון אַ דלאָט.

איצט הייסט ער מער נישט „יאָשע־כאַם", נאָר „אדון וואַקסמאַן", און ער ליגט דאָ צעלייגט אין פאַריקמאַכערשן פאָטעל מיטן ניקלנעם באַ־שלאָג; ליגט ווי אַ הייפיש אין ים. אַרום קאָפּ דרייט זיך אַ געזעל, וואָס קראַצט אים דעם גוידער און דערציילט א י ם, באַזונדערס א י ם, כלערליי ניסים וועגן גומעס מיט „טייערס" פון אַזעלכע פירמעס ווי „גודיאַר" „דינלאָפּ". היינט ווייס ער פון אַ נייער גומע פון איטאַליע, וואָס הייסט, ווי רופט זיי איר, ווי? — יאָ, „פאָנטאַמאַראַ" — — —

דער געזעל קראַצט דעם צעפּאַלדעוועטן גוידער און רעדט. דערנאָך נעמט ער זיך, טאַנצנדיק, צופוצן די פאות, פאַרשניצט, כלאחר־יד, אַ וואָנצעלע, קיצלט קונציק אַרויס מיטן שערל די הערעלעך פון אַן אויער, פון דער נאָז, מאַסאַזשירט, רעדט, פודערט, מאַסאַזשירט און רעדט ווײ־טער.

אדון וואקסמאַן האָט אָנגעקוואָלן, און וואָס נאָר דער געזעלן האָט צווישן די רייד געפרעגט און פאַרגעלייגט, האָט ער געענטפערט: „כממ״, וואָס האָט געמיינט: „יאָ״.

„כממ, פכע, נצחון״.

— מאַסאַזש?

—כממ, כממ.

— די פאות?

— כממ.

— פוצן די שיך?

— כממ.

— „פריקאַסיאָן״?

— וואָע? — מאַך!

— מאַניקיור?

— וואָועס?

— מאַניקיור״, אדון וואקסמאַן! אויך פוצן די נעגל?

— פוצט!

און בעת דער געזעל האָט, ריידנדיק געלייגט דעם אָדון וואקסמאַן הייסע האַנטיכער אויף זיין פעט צעגווידערטן פנים, איז ביי זיין רעכטער האַנט אויסגעוואקסן א קליין ווייך־געבעט טישעלע מיט א רויט פליושן קישעלע דערויף ווי דער געזעל האָט אַרויפגעלייגט דעם אָדון וואקס־מאַנס האַנט.

— שניידט די נעגל, שניידט לכבוד דעם נצחון, שניידט, כממ.

ווי גישט אויף דער וועלט האָט זיך אויף אַ נידעריק בענקל ביי אָדון וואקסמאַנס האַנט צוגעזעצט חדוה, וואָס האָט פאַרשפּעטיקט צו דער אַר־בעט און געקריגן אַ שווערן אויסרייד פון „שעף״. זי איז געזעסן אין אַ ווייסן כאַלאַט, מיטן שמעקעדיקן בלאָנדן קאָפּ, מיט דער מאַסקע אויפן פּנים, און אירע ציטריקע הענט האָבן מעכאַניש אָנגעטאַפּט דעם גראָבן פינגער פון וואקסמאַנס האַנט; אַ פינגער מיט אַ נאָגל, ברייט און גראָב ווי אַ קלאָען פון אַן אָקס. חדוה האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט און פון אירע מכשירים אַרויסגעזוכט דאָס גראָבסטע פיילעכל. זי האָט גענומען גישטערן צווישן פלייש און נעגל און רייניקן דאָס שוואַרצלעכע. דער גע־זעל האָט ווייטער גערעדט און געלייגט איין הייסן האַנטוך נאָכן צווייטן אויף וואקסמאַנס צעגווידערטן געזיכט, ביז ער האָט איבערגעריסן און צו־געטאַנצט צום שפּיגל־טיש נעמען דעם „קרעם״.

אַז אָדון וואקסמאַן איז פּטור געוואָרן פונעם הייסן האַנטוך אויפן פּנים, איז אים געוואָרן לופטיק און קיל. ער האָט אַביסל אַ הויב־געטאָן דעם שווערן קאָפּ און אַ קוק־געטאָן אין גרויסן שפּיגל („טרעמאָ״).

האָט אים ווי אַ בליץ אַ לייכט־געטאָן חדוהס בלאָנדער קאָפּ און

דערפילנדיק אירע ציטערדיקע פינגער אויף זיין שווערער האַנט, האָט אים אַ ברען און אַ זיד געטאָן אינעם בלוט דורך־און־דורך, פון די פיס ביזן קאָפּ און צוריק.

ער האָט ווידער אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ און אויסגעגלאָצט די אויגן, כדי צו כאַפּן די ליכטיקע זעאונג, וואָס האָט מיט ציטערדיקע פינגער, ווי געטאַנצט אויף זיין שווערער האַנט. אָבער אין דעם אויגנבליק האָט צו אים צוגעטאַנצט דער געזעל און אַ שמיר־געטאָן די מאָרדע מיט אַ שמע־קעדיקן קלעפּעכץ — האָט ער שוין נישט באַוויזן צו כאַפּן די זעאונג אין שפּיגל. דער געזעל האָט די מראה פאַרשטעלט.

„כממ״, האָט וואַקסמאַן אַ בריל־געטאָן אין זיך אַריין, און ס׳האָט זיך פאַרגלוסט אַזוי אַ הייב־צו־טאָן דעם באַרעדעוודיקן בחור צוזאַמען מיטן „קרעם״ און אים געבן אַזאַ יאָג: „לאָז ער באַדיי דורכבערעכן די וואַנט״ — אַבי דער שפּיגל זאָל בלייבן פריי, נישט פאַרשטעלט. ער האָט אָבער אַזוי נישט געטאָן. אָנשטאָט דעם, האָט ער אַ הויב־געטאָן די מגושמדיקע האַנט און איר אַ לייג־געטאָן אויף חדוהס קאָפּ. זיינע פינגער האָבן אַ פלאָנטער געטאָן אירע זיידענע האָר, און זיך צוריקגעלייגט אויפן פליושענעם קישעלע, זי זאָל ווייטער טאָן אירס.

אַז חדוה האָט דערפילט אויפן קאָפּ אַ לאַסט פון אַ באַלקן, האָט זי צוגעמאַכט די אויגן. די לאַסט האָט געדריקט, ווי דער קאָפּ וואָלט זיך אָט־אָט איינגעבראָכן. ס׳האָט זיך איר געדוכט, אַז זי נעמט זינקען ערגעץ אין דער טיף. געדויערט האָט עס אַ רגע בסך־הכל, ביז ס׳איז איר לייכטער געוואָרן. און אַז זי האָט אויפגעמאַכט די אויגן און דערזען פאַר זיך די מגושמדיקע פינגער מיט די קלאָען אויף אַזאַ גרויסער האָריקער האַנט, צעלייגט אויפן קישעלע, איז איר נישט־גוט־געוואָרן. ס׳האָט אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן און אַקעגן איז אויסגעוואַקסן דער פאָטער מיט די פריצישע וואָנצעס. פונעם שפּיגל אַרויס האָט אויף איר געקוקט חלף־שאַרף די מוטער. און אָט איז מאירקע אויך דאָ, אַרויסגעקלעטערט פונעם בלינדאַזש מיט אַ צעפּלאַמטן פּנים, אין דער פלייצע בויערן איר דורך ראַדיקס דורשטיקע אויגן — — קלינגען גלעקער, וואָס רייסן אויך דעם מאָרך:

„רע—צי—דיוו״.

„רע־צי־דיוו־דיוו־דיוו״.

אין אַקסל קלאַפּט איר אַיידל, נישט צום פילן, דער גוטער אַלטער ייִד פונעם אויטאָבוס. זי וויל אים אַזוי זען, און זעט גאָר דעם דאָקטאָר פונעם פּאַלעסטינע־אַמט, וואָס קלאַפּט איר, פינגער אויף דער ווייסער נאַקעטער ברוסט און הייסט פאַרשרייבן:

„די לונגען זיינען אין אָרדענונג״.

האָט איר אַזאַ קאָנוווּלסיווער שוידער און עקל דורכגענומען ס׳לייב

און מיט פארמאכטע אויגן האָט זי פלינק, מיט רציחה, אַ פּאָר־אריין גע־
טאָן דעם שאַרף פונעם פּיילעכל דעם אָדון וואקסמאַן טיף אין פלייש,
אונטערן גראָבן נאָגל.

האָט זיך דער ברייטער שמייכל אויף וואקסמאַנס פּנים איבערגע־
דרייט אין אַ יסורימדיקער גרימאַסע. ער איז אויפגעשפּרונגען, זיך צע־
רעוועט ווי אַן אָקס און אַלץ אומגעדרייט און צעבראָכן אַרום און
אַרום — — —

אינדרויסן האָט געשטורעמט די יום־טובדיקע גאַס. מוזיק האָט גע־
הילכט פון די קאַפעען אַרויס, פאָנען האָבן געפלאַטערט. ס'איז געווען
אַ פּאָר שעה נאָכן סוף פון דער מלחמה און ערשטן נצחון־טאָג.

# דורות

די פרטים, ווי אַזוי דער עלטער־זיידע איז אַוועק אין מיליטער, זיינען דערטרונקען געוואָרן אין ווייטן עבר, דער עלטער־זיידע אַליין איז געווען אַ גרויסער שווייגער, זייער קאַרג אויף רייד, זיין שפּראַך איז ווייזט אויס אויך נישט געווען קיין איבעריק רייכע. און גערעדט האָט ער אַ געמיש פון יידיש מיט רוסיש, האַרבע שווערע ווערטער ווי שטיינער מיט גוישע „רישן" וואָס פלעגן קנאַקן ווי רעדער אויף אַ ברוק, גערופן האָט מען אים נישט מיט זיין נאָמען, נישט מיטן פאַמיליע־נאָמען אלא דער „ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט", אַ געשטאָרבענער פאַרגעסענער טיפּ, און מען געדענקט נאָר זיין מראה, זיין הילוך און ווי אַזוי ער איז געשטאָרבן.

אויסגעזען האָט ער ווי אַ דעמב, הויך, שלאַנק, מיט אַ באָרד פון יענעם חומר אין וועלכן מען פלעגט ברענגען אתרוגים פון ארץ ישראל, ער פלעגט טראָגן שמאָלע גראַנאַטענע הויזן פון שווערן סאָלדאַטסקן געוואַנט, שטיבלעטן מיט אייזערנעם באַשלאַג אויף די אָפּצאַסן און שפּיצן. אַ גאַנצע וואָך פלעגט ער גיין אין אַ מין ראָק ספק אַ מאַרינאַרקע, ספק אַ טוזשורקע פון גראָבן געוואַנט פון טאַבאַק קאָליר, און דער עיקר די היטל, וואָס פלעגט אַרויסרופן אַ סך דרך ארץ ביי יידן ווי ביי גויים: אַ מיליטערישע היטל מיט אַ דאַשעק און אַ רויטן בענדל אַרום, צו דעם מוז מען צוגעבן די בענדלעך פון זיינע 2 מעדאַלן וואָס זיינען געווען צוגעניייט צום לינקן בוזים: איינעם אַזאַ שווערן זילבערנעם מעדאַל גרויס ווי אַן אַלטער 2 רובל שטיק, און דער צווייטער אַ מרובעדיקער צלימל אַ „געאָרגי" פון דער דריטער מדרגה, וואָס ער האָט באַקומען נאָך אַ „פּאָכאָד" ערגעץ אין מאַנדזשוריע אָדער קיטאַי, די מעדאַלן גופא פלעגט ער אָנטאָן נאָר אין אַ „טאַבעלנעם" טאָג, אין אַ קייזערלעכן יום־טוב, וואָרום בדרך כלל פלעגן זיי ליגן אין אַ הילצערנער פּושקע אויסגעבעט מיט סאַמעט און דער „סערוואַנטקע", ווו עס זיינען געשטאַנען די ארבע כוסות, דער פאַרצעלייענער סדר־טעלער, די חומשים און מחזורים; שבת און יום־טוב פלעגט ער אנשטאט דער טוזשורקע אָנטאָן אַ גראַנאַטענעם קורץ־פּאָלעדיקן מונדיר, אויספּוצן די שטיבלעטן ווי שפּיגלען, און די היטל מיטן רויטן בענדל, אויסבייטן אויף אַ יידישער אַ סאַמעטענער, וואָס איז משמעות אַמאָל געווען שוואַרץ, איצט גרינלעך מחמת זקנה.

מען געדענקט אים פון בית מדרש ווי ער פלעגט קומען פארטאג צום ערשטן מנין ווינטער ווי זומער, מען געדענקט זיין גרויסן טלית זאק פור־נעם זעלבן סאמעט און זעלבן קאליר פון דער היטל, און אין טלית זאק פלעגט ער חוץ זיין טלית, חומש און סידור שטענדיק האלטן א גרויס הארנדיקן שקעטל מיט אזא שמעק טאבעקע וואס נאר ער אליין פלעגט וויסן דעם סוד ווי אזוי עס צו מאכן.

ער האט געהאט א חזקה: באלד נאכן „אויסנעמען" צוטראגן א שמעק טאבעקע פריער דעם רב, נאכהער דעם חזן און ערשט שפעטער די באַ־לעבאטים, דעם לעצטן שמעק פלעגט קריגן דער שמש... מען געדענקט זיין הילוך מיט דער שטעקל אין האנט: שטייף, אויסגעצויגן, קלינגענ־דיקע טריט, און ווי ער פלעגט צוגיין צום רב פלעגט ער זיך א שטעל טאן „סמירנא" און דערלאנגענדיק מיט דער לינקער האנט ס'שקעטל, פלעגט ער מיט דער רעכטער סאלוטירן ווי להבדיל פאר א גענעראל אויף א פאַ־ראד!

זיין הילוך אין שול איז געווען צום ריידן פאר דורות: צו קדושה פלעגט ער צו זיך אליין א געשריי טאן „סמירנא"! — זיך אויסציען ווי א סטרונע און סאלוטירנדיק שטיין אזוי ביזן לעצטן פסוק. ער פלעגט אויך סאלוטירן ביים קריגן די 3 עליות א יאר בעת די יארצייטן און שמחת תורה, און אז ס'פלעגט אים געפעלן ווערן א חזניש שטיקל, פלעגט ער בקול אויסרופן: „טשודנא", „פראדאלזשאי — טשודנא"!

מען געדענקט אויך זיין עסן וואס ער פלעגט אליין מאכן, אויף פרישטיק א שפאר שטיק שווארץ ברויט מיט א הערינג, צו מיטיק — גריטשענע פארפל מיט מילך אדער עפעס א גלאז מעד, פלייש פלעגט ער געברויכן נאר שבת און יומטוב, ווידער פלעגט ער ווי א רפואה יעדן טאג פארן דאווענען ארייַנווארפן א גלעזל „96קער" נאך וועלכן ער פלעגט געבן א כראקע מיט א שפיי...

פון פאך איז ער געווען א זייגערמאכער (און מען געדענקט נאך דעם שילדל איבערן גאניק: „טשאסאוויך דיעל מאסטער") א זייגערמאכער נישט פון די היינטיקע שמאנצע זייגערלעך, אלא פון יענע גרויסע וואנט זייגערס מיט די בלייענע וואגן אין מעשענע שיידן, מיט הילצערנע „גע־ווער מיט א קוקאווקע פויגל וואס פלעגט יעדער שעה ארויסשפרינגען מיט א קוקו פון א טירעלע... און אלע פריצים מיילן ארום פלעגן אים ברענ־גען פאריכטן זייערע זייגערס, כאטש זיי פלעגן ווארטן חדשים ביז ער פלעגט זיי „אנסטראיען" און רעגולירן. די מלאכה האט ער ליב געהאט אהבת נפש, ער פלעגט ארבעטן פון זון אויפגאנג ביז פינצטער נאכט, צו־באמקענדיק א ניגון. נישט אויסטוענדיק דעם גרויסן הילצערנעם קוקער פון דער שווער באברעמטער אויג, יא, מען געדענקט נאך זיין פארטוך

וואָס ער פלעגט זיצנדיק איבערן זייגער צונאַגלען צום טיש, ס'זאָל חלילה גאָרנישט אַראָפּפאַלן אויף דער ערד.

יעדן 20טן פון חודש פלעגט ער זיך אָנטאָן אין פולן אוניפאָרם, מיט די מעדאַלן, נעמען דעם גרויסן טלית־זאַק מיט אַ שטיק ברויט, אַ פלאַש מילך איינגעפּאַקט אין אַ רויטער טוך און אַוועקגיין 36 וויאָרסט אַהין און 36 וויאָרסט צוריק אין דער „גובערניע" אָפּנעמען די קייזער־לעכע פּענסיע. אַזאַ שפּאַציר פלעגט דויערן וואָסערע 4 טעג, און אַלע אייניקלעך פלעגן מיט אומגעדולד אָפּוואַרטן זיין צוריקקער. ווייל ער פלעגט ברענגען אַ קרענצל טרוקענע בייגעלעך, מיט מענטשעלעך פון טרוקענעם האָניק־לעקעך, וואָס ער פלעגט מיטן טיפּסטן ערנסט פאַרטיילן די חברותא יעדערן לויט זיין עלטער. דאָס פאַרטיילן איז געווען אַ געשעעניש מיט אַ פרייד, ווייל ער פלעגט די חברה אויסשטעלן אין אַ שורה, יעדערער פלעגט מוזן זיך ציילן: פערווי, וטאָראָי, פּערווי — ווטאָראָי, נאָכהער פלעגט ער אַ קאָמאַנדע טאָן: „נאָמער פּערווי — שאַג ופּעריאָד"! און דער וואָס פלעגט נישט אַזוי פלינק אַרויסשפּאַנען פון דער שורה פלעגט מוזן גיין צוריק און אַזוי לאַנג איבערחזרן די איבונג ביז ס'האָט געקלאַפּט „דאַ סאַמאָי טאָטשנאָסטי"... דער עלטער־זיידע פלעגט זיך זעצן אויף אַ טובאַרעטקע, פאַרנאַנדערנעמען דאָס פּעקל און מאַכן די חלוקה, און איר פלעגט זען ווי זיין פּנים פלעגט זיך צעשטראַלן, די אויגן אויפלייכטן — און דער לעצטער פלעגט תמיד קריגן אַ צולייג — אַ פּאַטש אין אָחורל, אָדער אַ קניפּ אין בעקל.

איינמאָל האָט אים עמיצער געפרעגט: — „האַ, רבי גבריאל, ווי אַלט קען אַ שטייגער זיין אַזאַ ייִד ווי גבריאל"?

נאָכדעם ווי דער עלטער־זיידע האָט אים מיט אַ ברום קורץ געענטפערט: „זאָל אַזאַ ווי דו בעסער ציילן די ציינער" — האָט אים קיינער מער נישט געוואַגט שטעלן אַזעלכע נאַרישע קשיות, און קיינער האָט נישט געוווּסט ווי אַלט ער איז און ווי לאַנג ער האָט געלעבט ביזן סוף.

און אָט איז דער סוף:

דער רב האָט געהאַט אַ חזקה, יעדער ערב יום־כּפּור בכבודו פאַרבעטן צו זיך רבי גבריאלן (דעם „ניקאָלייעווסקן") מחמת קדושת היום צום פאַרפאַסטן, וואָרום ער פלעגט קיינמאָל צו קיינעם נישט גיין, (ווי מען זאָגט: מען זאָל אים נישט מאַטערן מיט קשיות) אפילו נישט צו די קינדער און קינדס קינדער, כאָטש ער פלעגט זיי ליב האָבן אהבת נפש אויף זיין שטייגער, באַזונדערס די אייניקלעך וועלכע ער פלעגט געבן זיך שפּילן מיט זיינע מעדאַלן און אַלע זייגער־רעדלעך, ריידנדיק אין באָרד אַריין אויף רוסיש. די זין און טעכטער פלעגן זיך די הערצער אויסריידן און לאָזן פאַלן אַלע תחנונים ער זאָל כאָטש קומען צו זיי אויף אַ שבת,

אָבער ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס: נישט געענטפערט, נישט געגאַנ־גען ביז זיי האָבן זיך צוגעוואוינט צו דעם.

דעם רב האָט ער נישט געקאָנט אָפּזאָגן מחמת כבוד און דרך־ארץ, און מחמת פּראַקטיק: — ביים רב האָבן אַלע געשוויגן ביים עסן חוץ די ברכות און דברי־תורה פון אים אַליין. (זאָל ער געזונט און מאריך ימים זיין).

זיינען אַזוי יאָרן אַוועק ביז ס'איז געוואָרן אַ חזקה: ערב יום כפור פאַרטאָג, פלעגט דער עלטער־זיידע אויפראַמען זיין צימערל, צונויפלייגן אַלע צענומענע זייגערס אויפן וואַרשטאַט־טישל, זיי איבערדעקן מיט אַן אַלטן גרינעם טישטוך, אויסקערן, אויסשיטן דעם ליימענעם דיל מיט געלן זאַמד, צונויפנעמען אַלע נויטיקע תשמישים צום הייליקן טאָג און אַוועקגיין אין שיל צו די קורצע סליחות. דער עלטער־זיידע פלעגט פון בית־מדרש גיין מיטן רב אויף איבערבייסן און נאָכהער אין מרחץ.

צוריק פונעם מרחץ פלעגט ער פאַרברענגען אין רבס ספרים־צימער (חוץ די סעודות) און פאַרנאַכט גיין מיט אים, זאָל געזונט זיין, אין שיל נאָכטראָגן טלית־זאַק (מיט די ספרים) ווו זיי פלעגן שוין בלייבן ביז נאָך נעילה; און ווי מען דערציילט פלעגט ער נישט איינמאָל נאָך נעילה אַ נעם טאָן דעם חלוש, דעם אויסגעפּאַסטן רב אויף זיינע שטאַרקע ניקאָ־לייעווסקע הענט און ווי אַ שפּילצייג ברענגען אַהיים, אים אַריינזעצן אין רבנישן פאָטעל, ברענגען די קופּערנע קוואָרט נעגל־וואַסער מיט דער שיסל מיטן האַנטוך, אויפגיסן און — — — אַזוי פאַרענדיקן דעם הייליקן טאָג ביזן סוף פון זיין לעבן, יאָרנלאַנג.

איז דער לעצטער יום כפור געווען ווי אַלע יום־כפורס, אַלא מיט אַ שטיקל חידוש, וואָס האָט אויפגערודערט דאָס גאַנצע שטעטל שוין צו כל נדרי, נישט צו וויסן פון וואַנען ער האָט עס גענומען — האָט זיך דער עלטער־זיידע דאָס מאָל אויסגעצירט אין אַ קיטל (מען מיינט אַז ער האָט אים געקויפט דעם לעצטן „20טן" אין דער גובערניע פאַר דעם געלט פון דער קייזערלעכער פּענסיע).

מען דערציילט, אַז בעת ער האָט ווי תמיד צווישן תפילה־זכה און כל־נדרי פאַרטיילט זיין וואונדערלעכן שמעק־טאַבאַק, האָט ער אויסגעזען ווי אליהו הנביא, אינגאַנצן אין ווייסן, מיטן טלית איבערן קאָפּ, מיט אַ צעשטראַלטן פּנים — האָט ער געשפּאַנט פון ייִד צו ייִד, דערלאַנגט ס'שקעטל, אויפגעוואַרט ביזן נאָס, געזאָגט זיין שטענדיקן „נאַ זדאָראָוויע בראַט", און ווייטער געגאַנגען. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער ווי פון מחזור אַרויס עפּעס געזאָגט און געזאָגט בלחש, סאַלוטירט די קדושות, און אויך נישט צו וויסן וואָס ס'איז דאָס מאָל איינגעפאַלן דעם רב, געהייסן דעם אויבערשמש מכבד זיין דעם עלטער־זיידע מיט פּתיחה צו נעילה...

דער אויבער־שמש האָט אים 10 מאָל אַריינגעטענהט, אַז ער איז

פארבעטן צו פתיחה, האט ער נישט געגלויבט, ביז צו דער השתוממות פון קהל האט דער רב בכבודו אויסגערופן, אז „רבי גבריאל בן רבי אהרן איז געבעטן בשם הקהל גיין צו פתיחה".

„נעאוזשעלי"? — האט זיך דער זקן אויפגעשטעלט מיט א פאר קעפ העכער ווי דער עולם, ער האט זיך געלאזט גיין א צעשטראלטער צום ארון קודש, ארויף די פאר טרעפלעך — זיך אויסגעדרייט צום עולם און אויסגעשטרעקט די הענט ווי א כהן צום בענטשן, עפעס א ברום געטאן און געפאלן ווי א סנאפ אויסגעלאשן אין בית־מדרש אין דער הייליקסטער רגע פון יאר...

וואלטן נאך די יידן פון יענעם שטעטל געלעבט וואלטן זיי זיכער מיט התלהבות דערציילט (צום טויזנטן מאל) פון עלטער־זיידעס לויה, אבער נישט דאס שטעטל איז דא און די יידן זיינען שוין דארטן זיכער נישטא, טא זאלן מיר זיך באנוגענען נאר מיט דאס געזאגטע, און פאר־ענדיקן די פרשה: זכרונו לברכה.

.2

דעם זיידן האט מען גענומען אין מיליטער בעת ער איז שוין געווען באווייבט און געהאט 2 קינדער. בדרך כלל איז דעם זיידנס „פריזיוו" אויך א געשיכטע, וואס מען פלעגט דערציילן אין דער משפחה מיט רמזים, וועגן סכסוכים מיט שכנים, מיט מסירות וכדומה. דער זיידע פלעגט נאר דערציילן ווי מען האט אים גענומען בעת דער ממשלה פון שונא ישראל (ימח שמו וזכרו) אלעקסאנדער דעם דריטן, ווי אזוי מען האט אים באגלייט צום מיליטער ווי צו א לויה, ווי אזוי ביים אוועקגיין האט זיך די משפחה געריסן די האר פון קאפ און זייערע יללות האבן פול געמאכט די גאס. ווידער אין מיליטער גופא פלעגט מען אים רופן נישט אנדערש ווי „פארשאלטענער זשיד", ווי מען פלעגט אים בייגאכט פייניקן, שלאגן מכות רצח; ווי אזוי טאמבאווער פויערים פלעגן זיך זעצן אויף די פיס, פארדרייען די הענט אויף הינטן, און מיט חזיר־פעטס רייבן די ליפן; ווי אזוי מען האט אים אויסגעהאקט די ציין.

דאס האט פאסירט יענע צייטן בעת מען האט איינגעפירט די פראַ־צענט נארמע, דעם תחום המושב, די בלוט בילבולים, גירושים פון יידן, שחיטות, פאגראמען א. א. וו. א. א. וו. — אלא „גאט איז א פאטער", און מיט דער הילף פון שווערע סומען שוחד האט מען אים באשטימט פארן שניידער פון זיין פאלק, ווו ער האט ארויסגעוויזן גרויס סבלנות צו זיינע פייניקער, ביז אזוי איינמאל האקנדיק האלץ אין א פראסטיקן טאג, האט ער „צופעליק" זיך אליין אראפגעהאקט צוויי פינגער, דווקא די,

וואָס זיינען זייער נויטיק געווען צום טריגל פון דער ביקס... בעת ער איז געלעגן אַ צעבלוטיקטער אין שניי, און די פינגער לעבן אים, האָט מען אים געטראָטן מיט די פיס און שיער נישט געממיתט, ווען נישט דעם פאָלקאָווניקס ווייב, אַ פּוילישע פּריצטע, וואָס איז צופעליק פאַרבייגע־פאָרן יענעם אָרט, און אים געראַטעוועט פון די רוצחים... נאָכהער אַ מי־ליטערישע טורמע און ווידער שוחד, וואָס האָט רויִנירט די משפחה ביז ער איז געקומען אַהיים אַ שברי כלי, פונדעסטוועגן האָט ער נאָך באַוויזן צוריקשטעלן זיין מעמד און פאַרטיילן אַ האַלבע טוץ שטעט אין אַמע־ריקע מיט זין און טעכטער חוץ איין זון, וואָס מ'האָט נישט באַוויזן אַרויסראַטעווען פון גויאישע הענט, מען האָט אים צוגענומען פאַר אַ זעלנער אין דער ערשטער תקופה פון דעם צאַר ניקאָלאַי דעם 2טנס ממשלה.

.3

אין די יעניקע יידישע משפחות, ווו ס'זיינען יענע צייטן געווען דערוואַקסענע זין, פלעגט דער „פּריזיוו" אַנוואַרפן אַן אימה, מען פלעגט זיך נעמען גרייטן באַצייטנס כדי צו ראַטעווען דעם בחור פון „גויאישע הענט", וואָרום נישט אומזיסט האָבן יידן פיינט געהאַט ס'צאַריש פאָ־טערלאַנד שנאת מוות, די „פּריזיוו"־טעג פלעגן אויך אַנוואַרפן אַן אימה אויף די קלענערע יידישע ישובים, ווו די צאַרישע מאַכט פלעגט פאַרקוקן דאָס ווילדעווען פון רעקרוטן ביז מען פלעגט זיי פונאַנדערשיקן צו זייערע פאַרמאַציעס.

חדשים פריער האָט זיך דעם זיידנס משפחה געשטעלט „אויף די פיס" און גענומען זאַמלען אַלע פעדים, וואָס האָבן געפירט צום „וואָינסקן נאַטשאַלניק", צו אים פערזענלעך, צו זיין ווייב און מקורבים, וואָרום „אַלץ" איז געלעגן אין זיינע הענט. גלייכצייטיק פלעגט מען אָנקניפּן „פאַרבינדונגען" מיט די דאָקטוירים, וואָס פלעגן אונטערזוכן די רעק־רוטן. פלעגט דער „וואָינסקער נאַטשאַלניק" „נעמען" איז מה טוב, און געווען זיינען זיי פאַרשידענע, ווער ס'פלעגט נעמען מזומן, ווער שווה כסף צו דעם צוועק פלעגן זיך שוין אָפּזוכן גוטע יידן מיט מעקלער, וואָס פלעגן וויסן ווי אַזוי צו „געבן". מען פלעגט „געבן" פאַר אַ יחיד און אפילו פאַר אַ גאַנצער גרופּע, די נאַטשאַלניקעס פלעגן זיך אָפּשיטן מיט גאָלד.

פלעגט דער נאַטשאַלניק אַליין „נישט נעמען", פלעגט מען געפינען אַ וועג צו זיין ווייב, וואָס האָט נישט פיינט געהאַט אַ גוטן סויבעלנעם

פעלץ, א בריליאנטן רינג, אדער א גארניטור מעבל וכדומה, ס׳זיינען אויך געווען פאלן, ווען דער נאטשאלניק פלעגט זיך מאכן ווי געפגרט מחמת צדקות און געטרייקייט צום פאטערל צאר, פלעגט דער פארמאכטער קאנ־ ווערט דערגיין צו אים דורך זיין ווייב...

חוץ אים, פלעגט מען דארפן „צוקומען" צו די דאקטוירים, וואס פלעגן פאקטיש באשטימען דעם גורל פון רעקרוט, צום דאקטאר פלעגט זיין לייכטער צוצוקומען, דער רעקרוט בכבודו פלעגט א פאר חדשים פריער אנהויבן גיין זיך היילן און צאלן פעטע האנאראַרן, „וודי לחכימה ברמיזה"...

ס׳פלעגט זיך אויך מאכן, אז מען פלעגט נישט קענען צוקומען נישט צום דאקטאר, נישט צום נאטשאלניק, ווער רעדט נאך, אז דער נאטשאל־ ניק פלעגט זיין אן אלמן אדער נישט באווייבטער (ר״ל), דעמאלט פלעגט זיין ביטער, אבער, לא אלמן ישראל, א ייד איז נישט הפקר... אין די פאלן פלעגט דער שטאטישער פעלדשער גאר עולה לגדולה זיין, חוץ די מפטירם מיט די כיבודים, פלעגט מען שוין דעם פעלדשער טיטולירן מיטן „גאספאדין", און ער בכבודו, פלעגט גיין איבערן גאס פאריסן, אנגע־ צויגן, שפילנדיק זיך מיט זילבערנע האלבע רובלס אין קעשענע. דער פעלדשער פלעגט וויסן ווי אזוי צו מאכן רינען אן אויער, אויסדרייען א פינגער, צוקן אן אויג, הארצקלאפעניש, חלשותן וכדומה. צו דעם פלעגט מען נאך דעם רעקרוט באארבעטן מיט היימישע מיטלען: נישט לאזן שלאפן, געבן טרינקען שטארקע טיי און קאווע אן ציקאריע (!), הונגער־ דיעטע, א סך ארומגיין, טרינקען בראנפן, און וואס נישט? אויך דעם רבונו של עולם פלעגט מען נעמען צו הילף מיט אוועקזעצן א מנין יידן זאגן תהילים און מיטן שיקן מוטערס רייסן דעם ארון קודש, און מעסטן קברים.

לויטן צארישן געזעץ האט יעדער זעלנער געדארפט האבן א בא־ שטימטע הויך, און ווי אויסטערליש עס זאל איצט נישט קלינגען, פלעגן אין דעם פרט שפילן א געוויסע ראל אויך די שטאטישע בעדער. בעת מען פלעגט באמערקן, אז די מאקסימום הויך איז אויף משקלות, און א פאר מילימעטער קענען דעם בחור ראטעווען פון גויאישע הענט, פלעגט מען דעם רעקרוט, מחמת פיקוח נפש, אפגאלן דעם קאפ, און דער בע־ דער פלעגט אים ווייקן און קראצן די טריט פון די פיס ביז בלוט...

אז דעם עלטער זיידנס איינינקל, א בחור ווי א דעמב, האט זיך גע־ דארפט „שטעלן" — האט מען גארנישט געטאן, ווארום מען האט גע־ ווּסט, אז אלץ איז „ארויסגעווארפן", ווארום געזונט איז ער געווען ווי אייזן, דער בחור פלעגט אין א יריד־טאג, בעת די פויערים פלעגן זיך צע־ שפילן אין מארק און נעמען ראבעווען יידישע קראמען, ארויסברעכן א דייקסל פון א וואגן, און בארויקן נישט נאר דעם גאנצן יריד, אלא אויך

די פּאָר שטעטלדיקע שיכורע פּאָליציאַנטן מיט ביידע צאַרישע זשאַנ־דאַרן. וואָס טוט מען מיט אַזאַ בחור, וואָס וויל זיך נישט לאָזן מאַכן רינגען אַן אויער, נישט אויסדרייען אַ פינגער, נישט מאַכן קרום און לאָם? — מוזן מיר זאָגן, אַז דעמאָלט האָט מען זיך נישט גוהג געווען צו מאַכן פּאָטאָגראַפיעס נישט אויף פּעסער, נישט אויף אַנדערע דאָקומענטן, פלעגט מען נאָכן „אויס־ און אונטערשמירן" אַלע רעדער און רעדלעך פון דער צאַרישער רעקרוטירונגס־מאַשין, אָנשטאָט אים, שיקן זיך שטעלן צום פּריזיוו, „מאָטעלע דעם עוקר", וואָס פלעגט נאָך אַזאַ טראַנזאַקציע, נאָכן ברענגען דעם „ווייסן בילעט" (באַפרייונגס־שיין), האָבן פון וואָס צו לעבן נישט ווייניקער ווי פון סוכות ביז פּסח...

מאָטעלע „דער עוקר" האָט געהאַט אַלע גאָט געבענטשטע אַטרי־בוטן: א) אַן עוקר, ב) אַ רינעוודיקן אויער, ג) די רעכטע האַנט מיט 3 פינגער, ד) אַ שבר (ניט פאַר קיין ייִדן געדאַכט), ה) אַ הוסטעלע, ו) אַ קראַנקן באַק־צאָן, וואָס פלעגט לאָזן בלוט ווען יאָסעלע האָט נאָר גע־וואָלט...

בקיצור, אַזוי פלעגט מען באַפרייען נישט ווייניקער ווי אַ דריטל ייִדישע רעקרוטן פון „גויאישע הענט" בימי צאַר ניקאָלאַי ימ"ש אין דער אָדער יענער פאַרוואָרפענער ייִדישער שטעטל, נאַטירלעך, די יעניקע, וואָס פלעגן זיין בכוח פאַר אַלץ צו באַצאָלן.

4.

דעם עלטער זיידנס אוראייניקל האָט זוכה געווען איבערצולעבן דעם צאַר ניקאָלאַי מיט זיין רעזשים, און דאָס שטעטל איז געוואָרן אַ טייל פון דער „זשעטשפּאָספּאָליטאַ פּאָלסקאַ".

ער איז אַוועק דינען אין די האָניק־חדשים פון דער פּוילישער תקומה, בעת די פּאָליאַקן האָבן זיך געשפּילט אין צופּן ייִדישע בערד און רויִנירן דעם ייִדישן מיטלשטאַנד, נאָך ווילנער און לעמבערגער פּאָגראָמען, בעת פּילסודסקי איז נאָך געווען פאַרעכנט פאַר אַ דעמאָקראַט.

דער אוראייניקל איז נישט אַוועק „דינען" נאָר אַרויסגעריסן גע־וואָרן פון דער ברענענדיקער אַרבעט פון דער שטעטלשער „פּועלי ציון"־אָרגאַניזאַציע; דעמאָלט זיינען ייִדן אַליין געגאַנגען אין מיליטער מחמת זעלבסטווירדע און „גלייכבאַרעכטיקונגס" מאָטיוון.

דער אוראייניקל האָט שוין געהאַט ווייט פאַרפאַרן אין דינסט, זיך אויסגעצייכנט אין שיסן וכדומה, נאָר דאָס פּועלי ציוניסטישע בלוט האָט אַלץ קאַליע געמאַכט!

אין טאָג פון סאַן רעמאָ, האָט זיך אים פאַרוואָלט מאַכן אַ שטיקל

מיטינג פון יִדישע זעלנער אין דער קאַזאַרמע אויף זיין בעטל, מען האָט אים געכאַפּט אין מיטן זיין התלהבותדיקער רעדע, גוט אָנגעבראָכן די ביינער, אַרעסטירט און געפּסקנט איבערצושיקן אין אַ שטראָף־באַטאַליאָן ווו מען האָט אים נישט ווייניקער געפּייניקט ווי דעם זיידן אין אַלעקסאַנ־דער דעם דריטנס אַרמיי, אָבער ער האָט עס אויך אויסגעהאַלטן און מעשה שטן נישט פאַרענדיקט אין שלום און האַרמאָניע זיין דינסט צו דער פּוי־לישער רעפּובליק.

ס'האָט זיך געמאַכט, אַז אַ פּאָר וואָכן נאָכן פאַרענדיקן דעם טערמין אין שטראָף־באַטאַליאָן, האָט מען זיין פּאָלק אַריבערגעפירט אויף מאַ־נעוורעס אַרום וואַרשע, און אין אַ ליכטיקן ערשטן מאַי האָט מען אים, מיט זיין באַטאַליאָן אַריבערגעשיקט פּאַטרולירן און... צעטרייבן אַן ערש־טע מאַי דעמאָנסטראַציע.

דאָס איז שוין געווען איבער זיינע קרעפטן, האָט ער געטאָן נישט קיין קלייניקייט: זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ געהעפט מכלומרשט אויפן „באַדאַרף", איבערגעלאָזן דעם ביקס אין בית הכבוד, והילד איננו.

דאָס פּאַפּיר איז צו ווייס און אומשולדיק איבערצוגעבן כאָטש אַ שמינית שבשמינית פון יענעם ברודנעם ווערטער מבול פונעם „פּה קדוש" פונעם פאַן פעלדפעבל פון יענעם באַטאַליאָן יענעם ערשטן מאַי פאַר־נאַכט, מיט אַלע עפּיטעטן און ברכות אַלע זשידעס פון דער גאַנצער וועלט בכלל, פון פוילן בפרט, אָנגעהויבן פון אברהם אבינו ביזן לעצטן יִדישן „פּאָסאַל" פון סיים — נאָכן אַנטדעקן די מעשה, (וואָלט ער כאָטש די ביקס צוגעוואָרפן, דער נישט דאַנקבאַרער פאַרשאָלטענער זשי־דאָווסקער באָלשעוויק!) ס'האָט נישט געהאָלפן, מען האָט אים נישט גע־כאַפּט, ווייל אַ וואָך שפּעטער איז ער שוין געזעסן אין קאָנסטאַנצע אויף דער „דאַטשיאַ" אויפן וועג קיין ארץ ישראל.

5.

אין פרילינג 1925, אינעם טאָג פון דער דערעפענונג פון העברעישן אוניווערזיטעט אין ירושלים, האָט דעם עלטער זיידנס אוראייניקל חתונה געהאַט, אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט ער אַרויסגענומען זיין חתונה שיין און געלאָזט וויסן און בעטן, אַז פון היינט און ווייטער (מהיום והלאה) הייסט ער גבריאלי.

וויסנדיק צי נישט וויסנדיק, האָט ער מיט דעם באַנייטן נאָמען ממשיך געווען די משפּחה־קייט און איר אַריבערגעוואָרפן קיין ארץ יש־ראל אויף ווייטערדיקע יִדישע דורות. אמן. (זיין עלטער זיידע דער „ני־קאָלאַיעווסקער" האָט דאָך געהייסן גבריאל).

דאָ איז איבעריק צו איבערדערציילן די כראָניק פון דעם לעצטן פערטליאָרהונדערט אין ארץ־ישראל, וואָרום מיר לעבן דאָך אין איר, און

קענען פאַרשטיין, אַז גבריאלי איז נישט געזעסן אין לאַנד מיט פאַרלייג־טע הענט, ער האָט צוזאַמען מיטן אויסבויען זיין היים און משפּחה אין אַ קאָלאָניע ערגעץ אין שרון, געבויט און אויסגעבויט הייזער און כבי־שים, געפּלאַנצט פּרדסים און כרמים, געבראָכן פעלזן און געטריקנט זומפּן און אויסגעהאָדעוועט צוויי זין, העלע בלאָנדע חברה־לייט מיט זומער־שפּרינקעלעך מיט טשופּרינעס, צעפּודלטע פונעם זעלבן העל בלאָנדן קאָ־ליר פון זיין עלטער זיידנס באָרד. געוווינט האָט ער אין דער קאָלאָניע אויפן ראַנד אין אַ ווייס שטיבל, וואָס איז פול געווען מיט זון און בשמים פון די פעלדער און פּרדסים, און ווייל ער האָט געוווינט אויפן ראַנד פון ישוב איז די ביקס אין בגדים אַלמער געווען אַזוי נאַטירלעך ווי זיין אויסגעוואַקסענער שבתדיקער אנצוג, וואָס איז דאָרטן געהאָנגען אויף אַ שטעקל דורכגעזאַפּט מיט שאַרפן נאַפטאַלין־ריח. אַז אין אַזאַ שטוב גע־פינען זיך צוויי בנים קענען זיי די ביקס נישט ווייניקער ווי דער פאָ־טער, און אַז אַזעלכע בנים וואַקסן אונטער, מאַכן זיי דורך שמירות און לאָזן דעם טאַטן אויסרוען זיינע מידע ביינער אין די לאַנגע אָדער קורצע נעכט. צוריקגערעדט, איז דאָך אַזאַ שמירה נישט קיין קלייניקייט פאַר אַ ארץ־ישראלדיקן חברה־מאַן, ווער רעדט נאָך ווען דער טאַטע איז איינער פון די פאַראַנטוואָרטלעכע אין דער „הגנה“ במשך פון יאָרן, ובימי שפּוט ממלכת בריטניה זיינען די צייטן אין ארץ־ישראל חוץ קליינע איבערייסן, כסדר געווען אומרואיקע.

די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן אין האַרבסט 1939 — אָבער אין ארץ ישראל האָט זיך די מלחמה אָנגעהויבן מיט 3 יאָר פריער, ווען די 2 פּיסיקע פאַרצוקער האָבן דעם יידישן ישוב פאַרקלעמט אין פייער און בלוט — פון דרויסן דורך אַראַבישע פעאָדאַל־פאַשיסטן, און פון אינעווייניק דורך בריטישע גיפט־מישער. נישט ווייניק יידיש האָב און גוטס איז אַוועק מיט פייער, נישט ווייניק טייערע יידישע לעבנס זיינען דערטרונקען געוואָרן אין בלוט און אין טרערן, אין די יאָרן האָט מען אין ארץ־ישראל קיינעם נישט מאָביליזירט, וואָרום יידן האָבן עס אַליין געטאָן, גבריאלי איז געווען פון די ערשטע אין „הגנה“ וואָס האָט פאַרלוירן דעם חשבון פון טעג, נעכט, וואָכן און חדשים, זיין קורצער קאַראַבינער איז מער נישט געשטאַנען אין אַלמער ווי אַ סודותדיק שפּיל־צייג פאַר די בנים, דער קאַראַבינער איז געוואָרן דער שטענדיקער באַגלייטער זיינער אין הויף, אין שטאַל, אין פעלד און אין פּרדס.

שטורעמס האָבן געריסן די בלעטלעך פון לוח טאָג איין טאָג אויס, ביז יענע גרויזאַמע און דערהויבענע טעג פונעם „ווייסבוך“, בעת דאָס גאַנצע לאַנד האָט זיך געשטעלט אויף די פיס, צאָרן האָט געשטראָמט ווי אָנגעבליטע לאַווע, געמיטער האָבן געשטורעמט און זיך געריסן צו מע־שים — —

האָט דאָס יאָר 1940 איבערגעריסן די יידיש־בריטישע שלאַכטן אין הייליקן לאַנד, וואָרום דער גרעסטער פון אַלע צוררי ישראל אין דער מענטשלעכער געשיכטע האָט מיט זיינע אייגענע און פרעמדע טעווטאָ־נען אָנגעשפּאַרט ביז צו די ברעגעס פון נילוס, ביז די בערג פון לבנון, זיינע קרעציקע גאָט פאַרשאָלטענע האָרדעס און זייערע געפּאַנצערטע וועגענער און מערדערישע אעראָפּלאַנען האָבן ישוב נאָך ישוב, שטאָט נאָך שטאָט און לאַנד נאָך לאַנד פאַרוואַנדלט אין חורבות און פּאָרעך, און 9 פון אַלע 10 מאָסן צרות, יסורים, חורבן און אומגליק זיינען געפאַלן אויפן יידישן חלק.

אין דער אייגענער שטורעם און צאָרן פון יידישן ישוב אין ארץ ישראל דערשטיקט געוואָרן אינעם אָנבליק פון אַלגעמיינעם חורבן. „איבערייסן די מלחמה מיט די בריטן, זיך שטעלן אויפן פראָנט קעגן די טעוטאָנען" — איז געפאַלן דער רוף ווי פייער אין שטרוי, — פריער הונדערטער נאָכהער טויזנטער, נאָכהער צענדליקער טויזנטער יידישע בחורים און מיידלעך האָבן זיך מגייס געווען אין בריטישן מיליטער מיטן זודיקסטן ווילן צום קאַמף און מלחמה, זיי האָבן זיך צעשפּרייט אין די פאַרשידנסטע פאָרמאַציעס אין לאַנד און אין אויסלאַנד, אין די מדבריות פון מצרים, אין די פליינען פון איראַק און סיריע ביז צו די הויכן פון פּרס און מדי.

סוף פעברואַר 1942 איז איין איינציקער לעבנגעבליבענער בחור פון אַ יידן־לאַדונג אויף אַ פּליטים־שיף צוגעשוואומען צו די ברעגעס פון די טערקן און צעטראָגן דער וועלט די שוידערלעכע בשורה: „סטרומאַ"!

דעמאָלט האָט גבריאלי אוועקגעטראָגן זיין קאַראַבינער אין שטאַב פון „הגנה", געקומען אַהיים און געזאָגט צו זיין חנהן: „חנה, מער קען איך נישט האַדעווען קיין קעלבלעך מיט עופות, וועסט מוזן מיין אָרט פאַרנעמען, די בנים וועלן דיר העלפן — איך גיי אויך אַוועק!

געגאַנגען איז ער צום מאָביליזאַציע פּונקט מיטן זעלבן טראָט ווי זיין עלטער־זיידע גבריאל: שטייף, אויסגעצויגן, הויך ווי אַ דעמב, גלייך צום ציל אָן שום נויג און קנייטש אין דער מחשבה. שפּעטער האָט ער מיטן זעלבן גאַנג און טראָט דורכגעשפּאַנט דעם גאַנצן וועג פון אַלעקסאַנדרישן וואָקזאַל ביז טאָברוק, און פון טאָברוק ביז טריפּאָלי, פון דאָרטן האָט ער דערגרייכט סיציליע, פון סיציליע אין איטאַליע, וווּ ער האָט באַוויזן זיך אַריינגלידערן אין דער יידישער בריגאַדע, מיט וועלכער ער האָט דורכגעקווערט גאַנץ עסטרייך און בייערן ביז די קאַצעטן פון בוכענוואַלד און בערגען־בעלזען. די מעשים פון די גבריאלים אין דער יידישער בריגאַדע ביז זייער אויפלייזונג, זיינען לדורות פאַרשריבן אין דער יידישער כראָניק פון יענע יאָרן, וואָס מען וועט נאָך אַמאָל שטודירן און

לערנען אין אלע יידישע שולעס, ווי די ספרים פון די חשמונאים און מכבייער.

## 6.

די לעצטע וואכן אין דער יידישער בריגאדע, איז גבריאלי געווען שטארק פארטאן מיט די יידן לאדונגען, וואס האבן געשטראמט אויף אלע טראקטן פון אייראפע צו די ברעגן פון איטאליע. לאנגע קאראוואנען מיליטערישע קאמיאנען איבערגעדעקטע מיט ברעזענטן, האבן זיך געשלענגלט אויף אלע בארג־אראפן און בארג־ארויפן צו די בלויע וואסערן פון ים־התיכון — צו די צונויפגעשטוקעוועטע אלטע שיפן פון כלעריליי ברוך־לאגערן, פון כלעריליי פארטן. שארפע קנייטשן האבן זיך צעלייגט אויף די פנימער פון די יידישע בריגאדע־זעלנער, און פאותן האבן גענומען גלאנצן מיט זילבער־געוועב. ס'איז גרויס געווען דער עול, די אחריות און סכנות, וואס שווערער ס'איז געווארן דער טראנספארט, אלץ פארעקשנטער זיינען געווארן די מענטשן, וואס האבן אלץ און אלעמען פארגעסן ארום, אפילו שרייבן אהיים האט מען אויפגעהערט — איין ציל איז געשטאנען פאר זיי: וואס מער יידן צו די שברי־כלימדיקע שיפן. און אט אין אזא רעגנדיקן טאג איז געקומען דער באפעל: דעמאביליזאציע, וואס רופט ארויס שטראמען פרייד ביי זעלנער פון אלע אומות און לשונות. איז אבער אט די פרייד בדרך כלל נישט געווען ביי די משונהדיק „דזשוס", וואס זיינען כסדר געווען „ענגרי" (בייז) און שוויינגנדיק — ביז, ביז א צווייטע משמרת פון יידישע ארץ־ישראל בחורים מיט כלעריליי „דעזערטירן" האבן איבערגענומען די מלאכה און גבריאלי מיטן פעקל האט זיך באוויזן צוריק אויפן שוועל פון דער היים אין דער יעסענדיקער קאלאניע, א פארטרונקענע אין הארבסטיקן גאלד פון די פעלדער און בשמימדיקן גרינס פון די פרדסים.

איז די אימה פון די קאצעטן טיף ארייגעשאנצט געלעגן אינעם געמיט פון גבריאלין, פארוועבט אין זיין גאנצן וועזן און אלע פארן פון זיין לייב און לעבן, ביז אין די פארבארגנסטע דינסטע קאפיליארן פון זיין יש. די אימה איז געווען אויסגעמישט מיטן בלוט, וואס האט געשטראמט אין זיינע אדערן. ס'האבן אים באגלייט די ליידיקע אויגן פון די געראטעוועטע און כסדר האבן פאר אים געטאנצט בלוי טאטווירטע נומערן אויף דארע און קווארע הענט. האבן נישט איינמאל באמערקט זיינע שכנים ווי ער בלייבט שטיין מיטן אקער אין מיטן א תלם, ער שטייט, שטייט פארזונקען אין מחשבות, ביז עס ווערט מיאוס דער בהמה צו טרייבן פון זיך די בייסיקע פליגן און גיט אליין, אן דער בייטש, א שלעפ דעם אקער צוזאמען מיט גבריאלן, הא־הא... וויא!

## 7.

אין איינעם אזא אַנגעגליטן זומער־טאָג, ווען די זון האָט געבריט און געבראָטן, בעת גבריאלי האָט מיטן וואַסער־שלויך באַשפּריצט דעם אַנגעגליטן בלעכענעם דאַך פון זיין הינער־שטייג, כדי די עופות זאָלן זיך אביסל אָפּקילן, האָט זיך צעקלונגען דער גלאָק פון קאָלאָניע ווי אַמאָל צו אַ שריפה אין זיין עלטער זיידנס שטעטל: בום־בום־בום־בום. אליאַרם!

בעת גבריאלי מיט ביידע בנים זיינען צעפּלאָמטע, דורכגעווייקטע פון שוייס, געקומען צולויפן צום וועד, זיינען געשטאַנען עטלעכע פול געלאָדענע אויטאָמאָבילן מיט אַנגעגליטע צעשטורעמטע מענטשן.

בום־בום־בום — האָט דער גלאָק געדונערט.

— „אַרויף חברה, נישט געזאַמט, אַרויף אויף די אויטאָמאָבילן" — איז גבריאלי אַרויפגעשפּרונגען דער ערשטער און פאַר די הענט אַרויף־געצויגן די בנים און צוזאַמען מיטן עולם פאַרשוווּנדן אין אַ וואָלקן שטויב וואָס האָט די זון פאַרדעקט ווי בעת אַ ליקוי חמה.

אז די אויטאָמאָבילן זיינען אַריינגעלאָפן אין יענער קבוצה ביים ברעג ים, האָבן שוין דאָרטן געטומלט הונדערטער הונדערטער ייִדן פון פאַרשידענעם עלטער און מעמד, וואָס האָבן געוואָרפן אַקער און האַמער, געשלאָסן קראָמען, פאַרמאַכט וואַרשטאַטן, אָפּגעשטעלט טראַנסמיסיעס און מאַשינען. מען האָט זיך מאָביליזירט אָן אַ פאַרוואָס ראַטעווען אַ ייִדן־לאַדונג, וואָס איז נישט לאַנג צוגעשווּמען צום ברעג, וואָס אַ פּאָר אויס־געצויגענע שוויינגנדיקע באַגלייטער מיט שטעכעדיקע ערשטיקע פּנימער און רויטע אויגן פון ווינט און שטויב, האָבן געבראַכט צופירן דורך די זאַמדן און דערנער אין קבוצה, אין דער עס־שטוב האָט זיך געטומלט ווי אין אַ בינשטאָק, דאָרטן האָט מען אָן בושה אַראָפּגעוואָרפן די קליי־דער און אין תחתונים געלאָפן עקזאַלטירטע פון איינעם צום צווייטן און געביטן די נאַסע בגדים פון דער אַנטרונענער ייִדן־לאַדונג אויף טרוקענע אויסגעשוויצטע פון די קבוצה־מענטשן און אַנגעלאָפענע ייִדן פון גאַנצן אַרום... בעת די זשאַנדאַרן און זעלנער זיינען ווי שדים אַריינגעלאָפן אין עס־שטוב און מיט ביקסן און שטעקנס זיך אַריינגעבראָכן אין עולם, איז אַלץ געווען פאַרטיק: די פּעקלעך פון די „נייע" צעוואָרפן אין אַלע באַ־ראַקלעך און ביידלעך, די נאַסע בגדים צעוואָרפן אין כרם און פרדס — נישט צו דערקענען וואָס דאָ איז פאַרלאָפן די לעצטע שעה. חוץ די משור־גענעם „דזשוס" ווער אין תחתונים און ווער אין פּיזשאַמעס, טאַנצן אין אַ פייערדיקער ראָד אין אַזאַ געווירבל, וואָס צו אָרעם איז אַ פּשוטע פעדער אַזוינס צו באַשרייבן...

אַ פּאָר ביקסן און רעוואָלווער־קנאַל אין דיגטענעם סופית האָבן

אפגעשטעלט דעם טאנץ און די צעיושעטע זשאנדארן האבן גענומען ברילן: „אידענטיטי קארטס! — איר בלעדי בלעדי"...

גיב זיי גאר „אידענטיטי קארטס" — יענע בלויע אידענטיפיקאציע־ביכלעך, וואס גבריאלי האט ערשט מיט א פערטל שעה פריער פאר־ברענט אנגרא אין סאמע מיטן טאנצנדיקן שטורעם־ראד, אז קיינער זאל נישט וויסן ווער איז ווער...

שלעפן זעלנער יידן און שטעלן זיי אויס אין געבראכענע שורות, לויפן אפיצירן אנגעלאדענע מיט צארן ביז צום פלאצן און שלעפן צוריק ארויס די יידן איינעם נאכן צווייטן פון דער שורה: „יור ניים — דיין נאמען!

מיין נאמען ענטפערט גבריאלי: ייד!

— „וואוי אר יו" — ווער ביסטו? — „א ייד!"

פראם ווער? פון וואנען ביסטו? — א ייד!

— פון וואנען קומסטו? — א ייד!

דערווייל האבן זעלנער איבערגעדרייט די קבוצה מיטן קאפ אראפ און פיס ארויף, צעריסן בעטגעוואנט, צעבראכן שאפעס, אויסגעהאקט שויבן, צעטראטן דעם גרינעם גארטן, צעפליקט ביכער, געמאכט א תל פו דער מזכירות, און... ארויסגעלאזן אלע הינער פון די שטייגן, וואס זיינען זיך צעפלויגן ווי ארעסטאנטן פון ברענענדיקע תפיסות...

דער דרויסן ארום האט געפיבערט און וואלקנס שטויב אין רויש פון אויטאמאבילן, טויזנטערוויז, האבן יידן געשטראמט פון אלע וועגן און שטעגן, שאסן האבן געריסן דעם אנגעגליטן אוויר און געטריבן צע־שראקענע טויבן פון די דעכער אויף בוימער און צוריק.

דער כסדרדיקער צושטראם פון יידן האט צעטומלט די זשאנדארן און זעלנער, וואס האבן געפאדערט הילף, און ווען ס'זיינען צוגעקומען נאך א פאר קאראוואנען מיליטער, איז די קבוצה געווען באלאגערט מיט לעבעדיקע רעדער יידן און זעלנער, וואס האבן באלאגערט די יידן. דער־ווייל האט זיך די זון גענומען זעצן. דאס מיליטער האט באוויזן אויפ־שטעלן 2 שטייגן פון שטעכעדיקע דראטן ווו מ'האט מיט כוח צונויפ־געשלעפט מענער באזונדער און פרויען באזונדער, בעת די קינדער האט מען צונויפגעטריבן אין עס־שטוב, און וויפל די זשאנדארן האבן זיך נישט געמיט ארויסקריגן פון די מענטשן ווער ס'איז א תושב און ווער ס'איז פון דער יידן־לאדונג — איז זיי נישט געראטן, ביז דער ענין האט ארויס־געבראכט פון די כלים דעם רויט־פרצופדיקן וויסקי־קאמאנדיר פונעם מי־ליטער, וואס האט א מאך געטאן מיטן האנט און באפוילן נעמען 80 יידן „ווי ס'גייט" און מיט דעם דערליידיקן דעם באפעל פון דער מאכט „ברענגען אלע נאר וואס אנגעקומענע אומלעגאלע „דושום" און באסטא!

מיט די 80 פאַרהאַלטענע איז מיטגעגאַנגען גבריאלי. די בנים זיי־נען אַנטרונען.

8.

## 1948

„דאָס גאַנצע לאַנד איז פראָנט, די גאַנצע באַפעלקערונג — ס'מי־ליטער" — האָבן אָראָפּגעשריגן שטיינער פון די ווענט אין ישראל.

דער יידישער קריג איז געווען אין פולן שוווּנג. יאָ, דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען פראָנט, און דאָס גאַנצע פאָלק — ס'מיליטער. די על־טערע ייִדן האָבן געהיט די מויערן פון ירושלים מיט די אַריין־ און אַרויס־גאַנגען פון אַלע שטעט און דערפער. די פרויען האָבן באַדינט דעם פראָנט מיט עסן און שליחות, די קראַנקע מיט די קינדער; די יוגנט האָט אויס־געפילט אַלע גרענעצן און שוץ־גראָבנס, אַלע פּאָזיציעס, פעלדער און גערטנער, אַלע בערג פון גליל און זאַמדיקע סטעפּעס פון נגב, די ברעגן פון ים און די בלויע הימלען פון אויבן. דאָס פאָלק אין ישראל האָט זיך געהאַט אַריינגעקלעמט אינעם אויסגעוויטיקטן אויסגעבלוטיקטן שטח מיט ציין און נעגל, מיט שטיינער און פלעשער בענזין האָט מען צעשמע־טערט טאַנקן, מיט ביקסן אַראָפּגעשלײדערט עראָפּלאַנען. ס'האָבן יחי־דים געקעמפט קעגן הונדערטער. דער גייסט פון פאָלק אין ישראל האָט געגליט ווי געשמאָלצענער אייזן, און גבורה האָט אַרויסגעשפּרודלט פון דורות־לאַנג פאַרשטאָפּטע תהומען.

באַליידיקונגען, דערנידערונג, צאָרן און פאַרצווייפלונגען אָנגעזאַמל־טע אינעם פאָלקס־געמיט במשך פון צוויי טויזנט יאָר האָט זיך אָנגעצ־צונדן און צעגאָסן אין אַזאַ פלמחישער לאַווע, געהויבן און געריסן יידי־שע מאַסן צו מעשים, ווי ס'וואָלט אויף דער וואָר מקויים געוואָרן די אַלטע יחזקאלישע נבואה פון די „עצמות יבשות", וואָס זיינען באַצויגן געוואָרן מיט הויט און מיט פלייש באַזעלט מיט לעבן און גבורה, ווי ס'וואָלטן אויפגעשטאַנען פון די קברים אַלע יידישע הרוגים פון אַלע מקומות און פון אַלע צייטן, פון אַלע געטאָס און אַלע אינקוויזיציעס.

האָבן געשלאָגן די אָדלערס פון פּלמ"ח און די זעלנער פון דער הגנה די מיצרים, די בבלים, די בני עמון, די אשורים מיט די קרעציקס־טע פון אַלע פאַשיסטישע אָפּפאַלן, וואָס האָבן זיך ווי שפּאַרבער געלאָזן צו די פעלדער פון ישראל רויבן, מאָרדן, צינדן און פאַרניכטן!

חמסינען האָבן דעם זומער תש"ט אָנגעגליט די יידישע שווערדן אין נגב, וואָס האָבן דעם שונא פאַריאָגט און פאַרטריבן עד חרמה, ווינטן

האָבן געשפּילט מלחמה ניגונים אויף די שאַרפן פון באַגנעטן אין די בערג פון גליל. הימל און ערד קענען דאָך עדות זאָגן, אַז ניט „בדם ואש" האָבן ייִדן געזוכט צו פאַרגלעטן זייערע עינויים פון אַלע צייטן, אַז מען האָט זיי אָבער די מלחמה אָנגעבונדן מיט געוואַלד — איז קיין אַנדער ברירה נישט געווען — ווי ענטפערן מיט דער זעלבער מטבעה...

יענע טעג איז אָנגעגאַנגען די גרעסטע ייִדישע מאָביליזאַציע — די גרעסטע פון אַלע צייטן, די ערשטע נאָך טויזנטער יאָרן ליידן, ס'האָט קיין שום מלכותדיקע געוואַלד קיין ייִדן ניט געטריבן גיין אין מיליטער, ניט קיין „וואָינסקע נאַטשאַלניקעס", נישט קיין פּאָליציי, און נישט קיין זשאַנדאַרן. מען איז געגאַנגען אַליין נאָכן רוף פון הארצן, אונטערן האָגל פון קוילן, אונטערן פייער פון באָמבעס, וואָס זיינען געפאַלן פון אעראָ־פּלאַנען, ס'זיינען געשטאַנען לאַנגע רייען ייִדישע מענטשן, אַלט און יונג און זיך בפועל ממש געריסן צום קאַמף.

אשרי העין, ווייל איז דעם אויג, וואָס האָט דעמאָלט זוכה געווען צו זען זיי — די ערשטע זעלנער פון „מדינת ישראל" מיט זייערע משונה־דיקסטע קליידונג, מונדירטע אין אַלע אוניפאָרמען פון דער וועלט: ענג־לישע קעפּן, אמעריקאַנער פרענטשן, פראַנצויזישע מכנסים, באַלקאַנישע רעק, סאָוועטישע גאַליפע, די ייִדישע געשטריקטע „זאָקן היטל", טשעכי־שע ביקסן, קאַנאַדישע קאַראַבינער, שווערע בריטישע ביקסן, פּאַנצער וועגן פון „תוצרת הארץ", קוילנוואַרפער פון איטאַליע, „דווידלעך" פון תל־אביב, „פּרימוס־אעראָפּלאַנדלעך" מיט די האַרמאַטן, אָי, די ייִדישע האַרמאַטן פון זומער 1948!...

גבריאלי האָט עס נישט געזען, ווייל ער איז געזעסן אין אַ בריטישן קאַצעט אויפן ציפּערן אינדזל, ווו ער האָט מושטירט און געגרייט ייִדי־שע יונגע עולים צו יענעם גרויסן טאָג, וואָס אַז געקומען בעת מען האָט זיי באַפרייטע מקבל פּנים געווען אין חיפער האַפן צווישן שפּאַלערן פון ייִדישע ים־לייט, דערפאַר זיינען זיינע ביידע בנים געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן זוכה געווען אַריינמאַרשירן איינער אין באר־שבע (דער ייִנגע־רער) און דער צווייטער, דער עלטערער — אין דער באַפרייטער ירושלים.

# „בחקותי"

מחמת פיקוח־נפש האָט דער 85־יאָריקער דיין, רבי טעוול, גוזר געווען צו שליסן די מקוה אין דער אַלטער שטאָט ירושלים. „דאָס געברויכס וואַסער זאָל מען אָנפילן אין בלעכן און צעטיילן צווישן די יעניקע, וואָס האָדעווען ירקות אין קעסטלעך, אויף צו באַגיסן און מחיה זיין; ווידער דאָס רעשט נישט געברויכטע וואַסער פון דער דערנעבנדיקער ציסטערנע זאָל מען שטעלן אין רשות פונעם בחור הררי, פון דער „הגנה" — זאָל ער געוועלטיקן איבער דער משקה בתנאי „אַז יעדע צוואַנציקסטע בלעך זאָל גיין פאַר די האַנטפּאַסן פון די קלויזן און שילן אויף נעגלוואַסער".

אַזוי האָט באַפוילן דער 85 יאָריקער דיין רבי טעוול. און לשם ראיה האָט ער פאַרבעטן זיין איידעם, יעגער זאָל עס פאַרפעסטיקן ווי אַ „קול־קורא" אין שענסטן רש"י כתב, און דעם „קול קורא" אויפהענגען אויפן טויער פון הויף ווו די מקוה געפינט זיך און ער זאָל דאָס איבערגעבן אין וועד, דאָס זאָל דערגיין צו די אויערן פון בחור הררי פון דער „הגנה" און זייער שליח זאָל קומען נאָכן גרויסן מעשענעם שליסל אײַבערצונעמען די השגחה איבערן אוצר.

דאָס, וואָס רבי טעוול האָט באַפוילן, איז אויסגעפילט געוואָרן בשלימות, פּרט אַ קליינעם אָפּנויג, וואָס דער בחור הררי האָט געמאַכט על דעת עצמו: ער האָט באַפוילן, — נישט יעדע צוואַנציקסטע בלעך אײַבערצוגעבן אויף נעגל וואַסער פאַר די האַנטפּאַסן, נאָר יעדע פערציקסטע — וואָרום שרעקלעך הייס איז דעמאָלט, אַ וואָך פאַר פּסח, געווען אין ירושלים; אַזאַ היץ, וואָס הררים בחורים האָבן געפילט מער ווי די אַנדערע תושבים, ווייל זיי זיינען נישט געזעסן אין די קילע שטיינערנע שטיבער; זיי זיינען געלעגן הינטער זעק מיט זאַמד, הינטער קאַרניזן פון אָנגעגליטע דעכער, און דאָס אייזן פון די סטענס האָט געבריט ס'לייב און לעבן, ווי שטיקער פייער.

רבי טעוולס איידעם, דער ממונה אויפן וואַסער, האָט דאָס געוווּסט און פאַרשוויגן. ער האָט נאָר מתפלל געווען צום רבונו של עולם, און זיך געבעטן ביי די שכנים, זיי זאָלן נישט דערציילן דעם שווער, כדי נישט גורם צו זיין אומזיסטע עגמת נפש. „גאָט אין הימל — האָבן זיינע ליפן געמורמלט — ביסט אַ נוקם ונוטר, און קענסט אויך זיין אַ אל רחום וחנון, דו וועסט דעם בחור הררי מיט זיין חבריה אויף די דעכער מוחל זיין: — זיי זיינען דאָך די שומרי ישראל, געבענטשט זאָלן זיין זייערע הענט, געבענטשט זאָלן זיין די טראַכטן פון די מאַמעס וואָס האָבן אַזעלכע בחורים אויסגעטראָגן; געבענטשט זאָלן זיין די טאַטעס וואָס האָבן אַזעלכע קינדער אויסגעהאָדעוועט צו אַזויפיל מסירת נפש, צו אַזויפיל אהבת ישראל, ביז קידוש השם ברבים", ס'האָט אים נאָר ווי אַ וואָרעם געפרעסן ס'געוויסן, הלמאי ער, רבי טעוול דעם דיינס איידעם, האָט פריער, אין זיין פאַרפירונג נישט איינמאָל געשאָלטן די יעניקע חברה. „וואָלט מיר דערפאַר די צונג אָפּגעטריקנט, רבונו דעלמא כולא!"

אונטערן פייער פון די ישמעאלים, וואָס האָט זיך געגאָסן אָן אויפהער איבער דער הייליקער אַלטער שטאָט, זיינען פאַזע די ווענט צעשטעלט געווען, ווי אַ לעבעדיקע קייט, פאַרהונגערטע אויסגעאיידלטע בחורים מיט מיידלעך. בלעך נאָך בלעך האָבן זיי געליפערט איינער צום אַנדער מיט ציטערדיקע הענט. די בלעכן מיטן וואַסער האָבן מיט געסלימפער, זיך געטראָגן איבער געסלעך און פאַסאַזשן, איבער הויפן און דעכער, די בלעכן וואַסער זיינען איבערגעגאַנגען פון פּאָזיציע צו פּאָזיציע. דאָס וואַסער, כאָטש היפּשלעך דומפּיק, האָט דערפרישט און דערקוויקט די אויסגעטריקנטע גומענס פון בחורים און מיידלעך.

דאָס וואַסער האָט מחיה געווען די דורשטיקע אויסגעמאָרעטע תושבים, ביזן מינדעסטן טראָפּעלע האָבן זיי עס פאַרצערט, דאָס וואַסער איז פאַר זיי געווען ווי אַן אָפּפרישנדיקער געזאַנג. און אין גיהנום דונערן פון מאַשין געווערן און מאָרטערן, האָבן זיי נישט באַגריפן פון וואַנען עס האָט זיך צו זיי פלוצים געעפנט אַזאַ קוואַל!? — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס אָנגעזאַמלטע וואַסער אין דער מקוה ציסטערנע האָט אויף ר' טעוולס געוויסן געלאַסטעט ווי אַ באַרג, אַוועקגענומען אים די רו, ביז ער האָ פאַרלוירן די כוונה ביים טעגלעכן דף, ער האָט געלערנט און געפילט, ווי זיינע טענות צו דער גמרא וואָלטן אויסגעטריקנט געוואָרן; זיי זיינען געפאַלן אויף דער ערד ווי טרוקענער שאָטער פון אַ וואָגן, ס'האָט זיך אים נישט געקלעפּט אַ וואָרט צו אַ וואָרט, אַ זאַץ צו אַ זאַץ.

רבי טעוול איז געבוירן אין אַלט שטאָט פון ירושלים צווישן די געוועלבטע, קילע הייליקע שטיינער, פאַר זיינע 85 יאָר האָט ער באַין אופן נישט געוואָלט אַריבערקוקן איבער יענער זייט מויער, ווו ס'האָט גע־

שטראַמט אַ ניי לעבן. רבי טעוול איז געווען איינער פון די „שומרי החומות" אַן אָרגאַנישער טייל פון דער אוראַלטער מויער מיט איר קדושה. ער האָט זיך דאָ געפילט גוט און גליקלעך, און די אַלע מעשיות, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט אין די בין מינחה ומעריבס אין זיין עלטער עלטער זיידנס קלויז וועגן וועגענער וואָס גייען אָן פערד, וועגן מאַשינען מיט מענטשן וואָס פליען ווי פייגל אונטערן הימל, און וואָס איין עק וועלט שמועסט זיך דורך מיטן צווייטן דורך אַזעלכע אויסטערלישע קעסטעלעך — דאָס אַלץ איז אים אָנגעגאַנגען ווי דער פאַראַיאָריקער שניי. ער האָט נישט געהערט צו יענער וועלט פון דרויסן, און געווען איז ער איינער פון די „שומרי החומות", וואָס האָט געקוקט צום הימל נאָר ביי קידוש לבנה, און שבת פאַרנאַכט, כדי געוואָר צו ווערן, צי מען קען שוין מאַכן הב־דלה; ער האָט אַפילו נישט געגלויבט אין די אַלע גרויל מעשיות וועגן די אפיקורסים פון דער נייער שטאָט, אַז בחורים שפּאַצירן געאָרעמט מיט בתולות אָן חופה וקדושין, רייכערן טיטון אום שבת, וכדומה. „עט — מלעיזים, ליידיקגייערס, פּלאַפּלערס, — טוען זיך אָפּ פון די ספרים און פּלאַפּלען מי יודע וואָס פאַר אַ שטותים אויף יידישע קינדער"... די שומ־רו החומות האָבן געהאַלטן פאַר אַ געכאַפּטן, צי אין דער אמונה, ומי יודע, אפשר מחמת זיקנה אַ קאַפּיטשקע אויפן קאָפּ, ער פלעגט נישט זען ווי זיי פלעגן דרייען מיטן פינגער איבערן שטערן. מענטשן האָבן געמיינט, אַז די שווערע געדיכטע זילבערנע ברעמען פאַרשטעלן אים די אויגן, עס איז אָבער נישט געווען אַזוי, רבי טעוול האָט גוט געזען, אלא ער האָט נישט געקוקט, ווייל זיין מוח איז מיד געווען, פאַרנומען מיט העכערע מחשבות, ווי מיט יענעם שטות.

ביז דער דונער פון האַרמאַטן, פון יענער זייט, האָט אים אויפגע־וועקט. ווען ער איז אוועק ווי תמיד צום כותל צו חצות, האָבן צוויי פון הררים בחורים אים פאַרשטעלט דעם וועג מיט דער טענה:

— „רבי, ס'איז סכנות נפשות, גייט נישט צום כותל, דער שונא לויערט דאָ פון יעדער שפּאַרע אַרויס, גייט נישט".

האָט זיך ר' טעוול פאַרחידושט הן פונעם משונהדיקן לשון פון די בחורים, הן פון זייער מראה; יונגע חברהלייט, מיט אַזעלכע געשטריקטע צוויי שפּיציקע יאַרמולקעס אויף די קעפּ, ווי להבדיל פּוזמקאות, צעבראָס־טעטע העמדער, שווערע שיך, נאַקעטע פיס ווי ביי גויים להבדיל, און בידיהם — אַזעלכע אייזערנע רערן מיט פּרוזשינעס, און איבער די לענדן איבערגעבונדענע רימענס, אָנגעשטאָפּטע מיט שפּיציקע צינקנע צאַצקעס.

— ס'טייטש, בחורים „שליחי מצווה אינן ניזוקין?"

— אָבער קיין צייט אויף חידושים איז נישט געווען ווייל באותו רגע האָט פון יענער זייט מויער אַ בליץ געטון און אַ שפּריץ געטון מיט פייער און דונער. איינער פון די בחורים האָט זיך אַ וואַקל געטון מיט אַ

געשריי: אמאַ! און איז געפאַלן לעבן אים צופוסנס מיט כאָרכלדיקע אָטעם. דער צווייטער בחור האָט ר׳ טעוולען אַ וואָרף געטון אויף דער ערד מיט אַ געשריי: „זהירות רבי״! און אַליין זיך געשטעלט אויף איין קני אויסציענדיק ס׳צווייט פוס אינטערוועדלעך און אָנגעהויבן פייערן מיט זיין רערל צו יענער זייט וואַנט: ט ר אַ — ט אַ — ט אַ — ט אַ...

רבי טעוול האָט געהלשט נאָך איידער ער האָט באַוויזן זאָגן „שמע ישראל״, ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אויף זיין אייגענעם געלעגער ווי פון אַ שרעקלעכן קאָשמאַר, ווי ער וואָלט ארויסגעקומען פונעם גהינום, און נישט געגלויבט זיינע אייגענע אויגן, אַז ער לעבט. ובכן, „מה גדלו מע־שיך, אדוני״ האָט ער געשטאַמלט... ס׳האָט זיך פאַר אים ביסלעכוויז אַנטפּלעקט די וועלט, די וועלט פון רשעות, שנאה, בלוט און יסורים... צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד האָט רבי טעוול נישט אַריינגעקוקט אין מינדסטן ספר, ער איז געלעגן אין בעט אַרומגערינגלט מיט קהל און משפּחה און געשלונגען אַלע מעשיות פון צעפלאַקערטן דרויסן. זיך צוגעהערט צום קנאַלן פון געווער, ווי יעדער קויל וואָלט אים אַליין געטראָפן און צעריסן. ער האָט אויסגעהערט די ווונדערלעכע געשיכטעס פון דעם בחור הררי מיט די „הגנה״ לייט, וואָס זיינען געקומען פון יענער זייט מויער. ער האָט אפילו זוכה געווען צו זען אים כמו בעיניו און בענטשן מיט דער דרייפאַכיקער כהנישער ברכה: „יברכך הבחור אליהו בן זאב ומלכה הררי וישמרך, יאיר פניך, ויחונך״...

און עס האָט אים, ר׳ טעוולען נישט אויפגעהערט צו וויינען אין די אויערן יענער לעצטער קינדערשער אויסרוף „אמא״ וואָס איז פאַרשטומט געוואָרן אין בלוטיקן כאָרכלען אויף די נאַקעטע הייליקע שטיינער פון דער אַלטער שטאָט ירושלים...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

וויפל זיין איידעם האָט אים נישט פּרובירט מסביר זיין די סדרי עולם פון דרויסן און דערציילן וועגן יענעם ענגלישן המן, וואָס האָט זיך איצט פאַרלייגט אויפן פאָלק ישראל להשמיד, להרוג ולאבד, — האָט עס ר׳ טעוול נישט באַנומען.

— היתכן? מ׳האָט דאָך דערציילט, אַז די ענגלענדער זיינען פון די „עשרת השבטים״, און זייער שר, ווי הייסט ער דאָרטן, „באַלפער״, האָט אפילו געוואָלט מקדים זיין משיחן. און אָט געדענקט ער דעם גרויסן יידישן שר, וואָס פלעגט קומען שבת דאַווענען אין דער חורבה פון ר׳ יהודה החסיד, היתכן? וואָס האָבן מיר אחינו בני ישראל זיי שלעכטס געטאָן? איז זיי ווייניק געווען היטלער ימח שמו וזכרו, היתכן? וואָס ווילן זיי פון פאָלק ישראל, און וואָס שטערן מיר זיי אָט דאָ אין דער אַלטער שטאָט ירושלים? וואָס? טאַטע פאָטער!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אז רבי טעוול איז צוריק געקומען, האָט ער זיך געלאָזט חקרענען די נייע סדרי עולם. ס'איז אָבער שווער געגאַנגען, ווייל ער איז צופיל גע־ווען פאַרטאָן מיט לוויות און תפילה. בלויז האָט געפלאָסן אין די שמאָלע הייליקע אויסגעדאַווענטע געסלעך פון אַלט ירושלים, דער הונגער האָט גע־טריבן פון דרויסן אין דער היים, און פון דער היים צוריק אין דרויסן, ס'איז שווער געווען צו לעבן, און עס איז נישט געווען צו באַנעמען די מעשים גדולים פון הררים בחורים און מיידלעך; נישט זיי, נישט זייער קידוש החיים, צי לעבט ער, רבי טעוול, נישט איבער גילגול מחילות, און איז איצט אין ירושלים בימי טיטוס הרשע? — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

יענעם שבת האָט ר' טעוול געפאָדערט, אַז נישט דעם בעל חזקה, יחיאל דעם שמיד זאָל מען אויפרופן צו דער תוכחה ווי תמיד (יחיאל פלעגט דערפאַר קריגן 40 טאָלער צושטייער אויף שטיוול) נאָר אים אליין ר' טעוולען דעם דיין. פאַרציטערט איז געוואָרן די קלויז, אָבער מען האָט נישט מעין געווען אים דערווידערן, ער איז עולה לתורה געווען. עס איז געווען שבת „בחקותי", און נאָך דער ברכה בלחש, וואָס קיינער האָט נישט געהערט, צוליבן גהינום אין דרויסן, ווען הימל און ערד האָבן גע־ברענט אין ריחות פון פולווער און דונער פון כלי משחית — האָט ר' טעוול אָפגעשטופּט דעם בעל קריאה און גענומען ארויסלייענען פון דער תורה:

„און איך וועל ברענגען אויף אייך אַ שווערד, וואָס וועט זיך נוקם זיין"...

— פאַרוואָס? — האָט רבי טעוול אַ געשריי געטאָן.

„און איך וועל אייך צעברעכן דעם אונטערלען, פון ברויט, וועלן צען ווייבער באַקן אייער ברויט אויפן וואָג און איר וועט עסן און נישט זאַט ווערן"...

— פאַר ווען? — האָט ר' טעוול אריינגעשריגן אין דער תורה אריין.

„און איך וועל מאַכן פון אייערע שטעט חורבן און וועל פאַר־וויסטן אייערע הייליקטימער!"...

„און איך וועל פאַרוויסטן אייער לאַנד!"...

גוואַלד יידן! האָט ר' טעוול ווי ער וואָלט עס צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן געהערט און ארויסגעלייענט פון דער תורה ארויס — די שרעק־לעכע תוכחה.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ט ר אַ אַ אַ ד , עס האָט אַ דונער און אַ קרעכץ געטאָן דער דאַך פונעם קלויז, אַ שווערער גראַנאַט איז געפאַלן אין מיטן לייענען די תורה, אין מיטן רבי טעוולס טענות צו גאָט אין דער סדרה „בחקותי".

שטאַרק איז געווען דער אוראַלטער בנין פון רבי טעוולס עלטער־

עלטער זיידנס קלויז, אזוי אז נאר דער אויבערשטער חלק פונעם גע־וועלבטן בנין איז צעשמעטערט געוואָרן, נישט דערגייענדיק צו די מתפללים. עס האָבן זיך ווי לצים צעוויגט די מעשענע הענג־לייכטער און שטיקער טינק זיינען פון געוועלבטן סופיט געפאלן איבער קעפ און טלי־תים, און אזא שטיק טינק האט א זעץ געטאָן אין דער אָפענער תורה, אויף די צארניקע שורות פון דער תוכחה, וואָס האט פארשאָטן מיט פיץ פיצ־לעך קאלך און זאמד די יריעה...

מאשין־געווער האָבן געקנאלט און אָפגעהילכט פון אלע זייטן אונ־טערן געבראזג פון געבראָכענע שויבן.

ר' טעוול — ווי נישט אים וואָלט מען געמיינט, האָט מיט א ברעג פונעם טלית אָפגעווישט די יריעה, א קוש געטאָן, און ווייטער געלייענט מיט א לויטערער שטים און מיט קראפט ווי גאָר אמאָל אין זיינע בחורשע יאָרן...

...און אז ר' טעוול האט מיט נצחון און צאָרן פארענדיקט „נותן התורה" — האָט ער מיט חידוש דערהערט א הילכיקן „אָמן" הינטער דער פלייצע. פאמעלעך האָט ער אראָפגערוקט דעם טלית פון קאָפ, אָפגע־טרייסלט דעם טינק און שטויב, און דערזען זיך ארומגערינגלט פון הררים בחורים, וואָס זיינען מיט זייערע סטענס, ווי פון אונטער דער ערד, אויס־געוואקסן אָט דאָ אויפן בעלעמער.

„אָמן" — האָבן די חברה נאָכאמאָל מונטער אויסגערופן. זיי האָבן געשטראלט פון שמחה, וואָס די מתפללים זיינען דאָ ארויס גאנצע נאָך דעם געטראָפענעם גראנאט אינעם בנין פון דער אלטער קלויז.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף מאָרגן האָט ר' טעוולס איידעם געשריבן דעם „קול קורא" וועגן דער געשלאָסענער מקווה און וועגן פארטיילן פון וואסער; געשריבן האָט ער אין שענסטן פערלדיקסטן רש"י שריפט.

# דער ברית-שלום

## .1

לאַנגע יאָרן האָט זיך אַ ייִד, רבי בער, געראַנגלט אין דער שטאָט מאַטשייאָווע מיט דער ביטערער פּרנסה, זיין שניט־מסחר, האָט געביטן די קראָמען פון הויפּט־גאַס אין מאַרק, פון מאַרק אין שול־גאַס. די פּאָליצעס, וואָס פלעגן אַמאָל זיך ברעכן אונטער דער לאַסט פון שווערע באַלן שניט זיינען אויסגעליידיקט געוואָרן, און דער קאָמאָרניק האָט דעם מסחר פאַרענדיקט מיט 10 סענטימעטער שפּאַגאַט, צוגעהעפט צו דער טיר מיטן גרויסן טריוואַקס־שטעמפּל פון שטאָטישן געריכט.

מען קען נישט זאָגן, אַז ר׳ בער האָט נישט פאָראויסגעזען דעם סוף פון זיין מסחר אין דער שטאָט מאַטשייאָווע; ר׳ בער האָט דעם סוף דערשפּירט אין איינעם אַ גוייאישן ערב פּסח, ווען די שטאָטישע שקצים האָבן זיך אויסגעשטעלט אין פּאַטרולן ביי די ייִדישע קראָמען און מיט מעגקאַטע שטעקנס געלערנט די דאָרפישע קונים, ווי זיך אויפצופירן מיט די זשידאָווסקע בלוט־צאַפּער, וואָס האָבן אַמאָל געקרייציקט דעם הייליקן יישו — און היינט דעם שוצלאָזן קריסט. רבי בער האָט פונאַנדערגעבונדן אַלע קניפּלעך, פאַרשטיינערט ס׳האַרץ כלפּי אַלע קרעכצן פון גנעסיע זיין ווייב, און זיך איינגעשאַפּן אַ נחלה אין ארץ־ישראל דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ נאָענטן קרוב אין דער קאָלאָניע „יזרעאליה״.

נאָכדעם, ווי רבי בער האָט זיך אַרומגעזען, אַז ס׳איז „כלו כל הקצין״ אין אַ מאַטשייאָווע, האָט ער ווידער פאַרשטיינערט ס׳האַרץ כלפּי גנעסיען זיין ווייב, און גאָרנישט אויף קיין געלעכטער זיך אָוועקגעקליבן אין ארץ ישראל אויף דער אייגענער נחלה.

וויי איז געווען צו גנעסיעס אויגן, וואָס זי האָט דאָרטן אין „ערץ יסראָלקע״ געטראָפן: אָנשטאָט אַ „נחלה״ — אַ שטיקל וויסט פאַרדאָרנט פעלד; זי האָט פּרובירט וויינען, עטלעכע מאָל חלשן, אָבער ס׳איז געווען „נאָך אַלעמען״. זי האָט נאָר געפּועלט ביי בערן, ער זאָל פּרובירן דאָ־הי עפּעס טאָן, ער זאָל אַוועק פון דאָרף אין תל־אביב; בער איז דאָך

נישט מער ווי אַ מענטש — האָט ער נאָכגעגעבן, און אַוועק פֿון דאָרף צוריק אין שטאָט.

למען האמת מוז מען זאָגן: אַז רבי בער איז אַריין אין אַ גרויסן שניט־געשעפֿט אַ טאָפּ טאָן דעם דופּק, און ער האָט דערפֿילט דעם טייערן וואָיל־באַקאַנטן שניט־געווּרך — האָט אים פֿאַרקלעמט ס'האַרץ; דער גע־רוך האָט דורכגענומען ס'גאַנצע וועזן זײַנס און אַרײַנגעדרונגען דורך אַלע פּאָרן פֿון לײַב, ווײַל אָט דער טוך־ריח איז אים טײַערער, ווי די בעסטע פּאַרפֿומען; איז דאָך רבי בער אויסגעוואַקסן און זיך אויסגעהאָ־דעוועט צווישן די שניט־באַלן. רבי בער האָט גענומען אָפּקלײַבן סחורה שטיק נאָך שטיק, געוואָרפֿן די באַלן ביזן באַלקן, ער האָט זיך געשפּיגלט אינעם טוך, געקנעטן מיט די הענט, געקנייטשט, געצונדן מיט אַ שוועבעלע די פֿעדים, צי זײַנען זיי באמת פֿון ריינעם וואָל, און וואָס פֿאַר אַ טוך! טייערע ענגלישע שעוויאָטן, קאַמגאַרן, מאַרענגאָס, עכט־ענגליש; ווּ זעט מען עס אין מאַטשיאָווע?

ער האָט זיך צעפֿלאַמט, אָנגעוואָרפֿן אַ פֿולן פֿאָרבאַנק און... פֿאַר־געסן, אַז ער איז דאָ כמעט בגפֿו. ער האָט פֿונדעסטוועגן דעם מוט נישט פֿאַרלוירן, עפּעס אײַנגעהאַנדלט, אויפֿגעמאַכט אַ קרעמל, אָבער דער שטריקל מיטן טריוואַקס־שטעמפּל האָט אים הפּנים באַגלייט פֿון מאַ־טשייאָווע ביז תל־אביב. אלא דאָ איז דער שטעמפּל געווען אין לשון קודש, און דער קאָמאַרניק — אײנער מאחינו בני ישראל. דאָס איז גע־ווען אין שלעכטן 27־טן יאָר, ווען שיפֿן האָבן מער ייִדן אַרויסגעפֿירט פֿון ארץ ישראל, איידער זיי האָבן אַרײַנגעפֿירט.

בלית ברירה איז רבי בער צוריק אַוועק אין דאָרף. גנעסיע האָט דאָס מאָל נישט איין איינציקן מאָל געחלשט; זי האָט נאָר געברומט און גע־מורמלט דעם „זכרנו את הדגה". קרובים האָבן אונטערגעשפּאַרט אַן אַקסל, אַ שטיקל פֿון דער „נחלה" האָט מען פֿאַרקויפֿט, כדי מיטן געלט „קאָלאָניזירן" ס'רעשט קרקע, אויפֿשטעלן אַ דירה־באַראַק, און, ווי ר' בער דערציילט „אָנהייבן פֿונדאָסנייע".

אַ שווערן געראַנגל האָט געהאַט בער „דער אַלטער" מיט בער „דעם יונגן" (לויט זײַנע רייד). ער איז אַרײַנגעפֿאַלן צווישן צוויי ספֿערן: צווישן פֿאָליצעס טוך און רויער ערד; דער ריח פֿון טוך איז געווען אין זײַן בלוט, דער ריח פֿון טוך האָט זיך שווער געלאָזט פֿאַרטרײַבן דורכן ריח פֿון ערד, און בער האָט זיך געראַנגלט צווישן ביידע: ס'האָט אים געצויגן דאָס קרעמער־געסל און ס'האָבן אים געוווּנקען די גרינע פֿעל־דער, און איבער ביידע ספֿערן האָט געקלאָגט און געקנורט גנעסיע זײַן ווייב.

רבי בער האָט נישט אײנמאָל אַוועקגעוואָרפֿן דעם פּיאַש און אַן אָטעם געלאָפֿן אין דעם קראָמען־געסל, זיך אײַנזאַפֿן מיטן שניט־געווּרך;

מענטשן האָבן אים באַלד נישט אָנגענומען פאַר אַ מטורף: אַט כאַפּט זיך אַ ייִד אַריין אין אַ קרעמל, וואַרפט אָן באַלן סחורה, קנעט זיי, גלעט זיי, מעסט זיי מיטן הילצערנעם יאַרד אָט פאַרטראַכט ער זיך, לאָזט אַלץ ליגן און לויפט צוריק צו זיין נחלה, רייסט דעם באָדן ביז פינצטערער נאַכט, ביז גנעסיע טוט אָן דעם שבתדיקן בגד, און גייט אַראָפּ, אַזוי קוים באַ־רירנדיק די פאַרהאַסטע סטעזשקע, זיך אָוועקשטעלן בערן צוקאָפּנס ברו־מען און קנורן...

וואָס מער די „נחלה" איז אויפגעריסן געוואָרן, אַלץ ווייניקער איז בער געלאָפן צום קרעמל־געסל; די געזונטע קרקע־ריחות האָבן בהדרגה פאַרשלאָגן דעם ריח פון טוך, און די פאָרן פון בערס לייב און לעבן זיינען גערייניקט געוואָרן דורך זיין ביטערן שווייס, ביז רבי בער האָט מיט פריידיקן ציטער דערזען ס'ערשטע גרינס, די ערשטע שפּראָצן פון זיין פראַצע, ווי זיי גייען אויף פון דער קרקע, זאַפּן זיך אָן מיט לעבן און וואַקסן אין דער הויך.

דער עולם אין דער קאָלאָניע האָט נישט באַגריפן בערס געראַנגל. די קאָלאָניע איז געווען פון די עלטערע; די מענטשן — אַ צווייטער דור הי געהאָדעוועטע, די יוגנט — אַ דריטער דור שוין הי־געבוירענע. זיי האָבן נישט געפילט בערס ענויים, נישט באַגריפן. האָבן זיי — אָנשטאָט צו העלפן — געחוזקט:

— רעטעכלעך זאָלט איר דאָ בעסער פאַרזעצן, רבי בער, בוריקלעך, אָדער אַ ציבעלקע צו אַ הערינג, פּרובירט.

די פאַררוסענע יוגנט האָט נאָכגעפלאַפּלט די עלטערע:

— גייט, רבי בער, צו דער ערבה, ברענגט וואָרצלען פון הושענות, הושענות, רבי בער, זאָלט איר דאָ פאַרפלאַנצן, „שיינעם"..."

בער איז געווען אין אימפּעט. ער האָט די טענות געטריבן, ווי די זלידנע פליגן פון זיך, ער האָט געזוכט אַרבעטן, אַרבעטן, אַרבעטן ביז פאַרגעסונג. פון אַ שפּראָץ אויפן טאָג ביז פינצטערער נאַכט. גראָבן, גראָבן, פלאַנצן, איבערפלאַנצן, וויפל מאָל ביז יאוש: געביטן די ביימ־לעך, געגראָבן ערד־שיסלען, געצויגן רינעס, אַרומגעלאָפן באָרוועס אין אָנגעגליטן זאַמד, געוועסערט, געגראָבן און ווידער געפלאַנצט. און וואָס מער בער איז אַריינגעטאָן געוואָרן אין דער נחלה, אַלץ ווייטער איז אַוועק די קרעמער־גאַס ביז זי איז פאַרשוווּנדן אין נעפל פון זכרונות און פאַר־בליבן אין דער קנורעריי פון גנעסיען, וואָס פּרובירט איר צער דערשטיקן אין בלעריי צדקה־ און פרומקייט־עסקים פון דער קאָלאָניע.

רבי בער האָט דערלעבט זען צעוואַקסן זיינע ווילד־שטעכיקע בויי־מער מיט די פעסטע לעדערנע בלעטער, דערלעבט צו האָבן מוט אַריינ־

צופאלן פאררריסן אין וועד, און די קאלאניע־יחסנים ארײנקרימען אין פנים ארײן:

— רעטעכלעך זאלט איר דא זײען, א ציבעלקע, א בוריקל, הושענות פון דער ערבה, „שײנעס".

בער האט זײנס אויסגעפירט, ער איז בײ די מענטשן געווארן אויס „משוגע". זײן עקשנות האט געפאדערט אנערקענונג, ביז יונגע און על־טערע זײנען שוין אן חכמות און וויצן געקומען געבן עצות:

— דא אנשפארן דעם בוים; דא, רבי בער, צובינדן; יענעם שטאם קאלעכן; דעם צווײג אפשנײדן.

די קאלאניע האט פאר אים באקומען אפשײ.

ס'איז נאך א טעם געווען דערבײ: זײן געראטענער פרדס האט גע־לאזט הײבן דעם פרײז אויפן באדן ארום. פריער איז דא געווען „רעטעך־און ציבעלעס־באדן". הײנט הײסט שוין דער שטח אין די שטאטישע ספעקולאנטישע ביוראען „אדמת פרדס" — פלאנטאציע־שטחים.

שווערע טעג פון צער און פארצווײפלונג האט רבי בער איבערגע־לעבט, בעת א געניטער שכן איז אײנעם באגינען געקומען גרעפן די בײמער, אראפשנײדן די ווילד צעוואקסענע צווײגן ביז האלבן שטאם און מזווג זײן דעם בוים מיט אײדל־קולטיווירטע ריטעלעך פון א גוטן פרוכט און בער איז דעמאלט שיעור נישט צוזאמענגעבראכן: אט ליגן זײנע צוועלף דונאם פארשניטענע! ס'האט געגעבערט א חשד, אז די שכנים מאכן דא מיט אים ווילדע ליצנות, זײ קוילענען אויס די בײמער מחמת קנאה... ער האט זיך אבער גיך באַרויִקט, בעת ער האט דערזען, ווי די „גרעפן" וואקסן ארײן, נעמען צו, די בײמער „נעמען ארבעטן", און די אײדעלע ריטעלעך שוואנגערן מיט קנאספן, שפעטער בלעטער, און ביס־לעכווײז צעוואקסן זיך די בײמער אין דער הײך און אין דער ברײט, שמעקן — שיכור צו ווערן.

פינף יאר האט עס געדויערט, געקומען איז ער דא א פופציקער; הײנט איז ער פינף און פופציק יאר אלט; ער האט דערלעבט דעם ערשטן שניט. און אזוי ווארטנדיק אויף די שניטער, איז בײ אים אן אומגליק געשען: בער איז ארײנגעפאלן אין א „גאולת־דם"־געשיכטע און דורך אים — די גאנצע קאלאניע „יזרעאליה", וואס ליגט אין די פלײענען פון שומרון.

# דער איבערפּאַל

## .2

אָנגעהויבן האָט זיך עס פּרי־האַרבסט, ווען די פּרוכט אויף די בוי־מער זיינען געשטאַנען צייטיקע, שמעקעדיקע, און אויסגעקוקט זוניקע טעג, נאָכן ערשטן רעגן. די פּרוכט האָט זיך ממש געבעטן: „ר׳ בער, נעם אַראָפּ, געניס!"

ביי בערן איז געווען נאָך אַלע הכנות: צוגעגרייט האָלץ אויף קעסט־לעך, באַשטעלט רייסערס, טרעגערס, פּאַקערס, אָנגעגרייט דינעם גע־שטעמפּלטן וויקל־פּאַפּיר, צונויפגעבראַכט לייטערס און שנייד־שערן, אויסגערוימט דאָס קליינע באַראַקל, וואָס דינט פאַר אַ „פּאַק־הויז", אַריינגעשטעלט שויבן, צונויפגעקלאַפּט טישן, אַפילו דאָס הויפל אַרום ציכטיק אויסגעקערט, צוגעראַמט. בשתיקה האָט בער ערגעץ אין דעם שעפּ־שטיבל צווישן געצייג און אַלטע מאַטאַר־רימענס, פאַררוקט אַ פּאָר עמערדיקע פלעשער וויין, צום באַנעצן דעם „שהחיינו" — דעם ערשטן שניט, ווי ס׳שטייט געשריבן: „אָן ווייַן איז נישטאָ קיין פרייד".

גייט אַוועק אַ נאַכט און באַגינען געפינט רבי בער דורכגעשניטן דעם אַקאַציע צוים און אַרומגעפּליקט די פּרוכט פון אַ פּאָר צענדליק ביי־מער. אַרומגעפּליקט ווילד, מיט רציחה, אַרויסגעריסן צווייגן ביזן שטאַם, צעפּאַסעוועט די קאָרע פון געצערטלטע ערשטלינג־ביימער. אַ שורה יונגע ביימער, אַ צירונג־שורה פון דעם פּרדס, איינגאַנצן צעבראָכן, זייער ערש־טע בליאונג, וואָס פאַלט צונויף מיטן צייטיקן פון פּרוכט, — געשענדעט, צעטרעטן מיט די פיס.

אַז בער איז געקומען צו זיך, לויפט ער צו דער פּאָליציי. דער וואַך־פּאָליציסט געגעצט, פאַררוקט זיין קאָזאַקישע פּאַפּאַכע אויפן אונטערחלק פונעם יאָזש־געשווירענעם קאָפּ און נעמט פויל פאַרשרייבן:

— מה שמך — ווי רופט מען דיך?

— מיך? — איז בער אויפגעשפּרונגען. — מיך פרעגסטו: מה שמך? די נכפּה וואָלט דיך בעסער געגומען, איידער דו ביסט דאָ געוואָרן אַ נאָ־ראָדאָוואַי. מיך? קענסטו נישט בערן דעם קאָלאָניסט, דו, אַזאַ און אַזאַ...

מלא רציחה איז בער אַנטלאָפן פון דער פּאָליציי, צוריק צום אויס־געחורבנטן ווינקל פון זיין פּרדס.

„שדים נישט גוטע, מאָרדן זיין פּראַצע, זיין האָפענונג, און די בהמה מיט דעם קאָזאַקיש היטל אויפן קאָפּ און מיטן געגעץ אויפן נאַרישן פּנים פרעגט מיך מה שמך, ווי רופט מען דיך? ווי רופט מען דיך, רבי בער"?...

נאָך אַ נאַכט איז אַוועק, און מען האָט ווידער אויפגעבראָכן דעם

צוים אין אַ צווייטן ווינקל, און פרישע פינףביימער פרוכט אראָפּגעריסן רוצחיש, צוזאַמען מיט די צווייגן. דער קאָלאָניע קאָמיטעט איז געקומען אויפן אָרט, דער פּאָליציאַנט איז געקומען, דער עלטסטער שומר פון קאָ־לאָניע איז געקומען — ווער איז נישט געקומען? אָבער געכאַפּט האָט מען קיינעם נישט.

בערן איז די זאַך נישט ניחא געווען. ער האָט דאָ די ביימער גע־מאַכט וואַקסן — וועט ער זיי באַשיצן און אויסהיטן. האָט ער זיך באַ־זאָרגט מיט אַ שרויט־ביקס און אַליין אַוועק אויף שמירה. אָפּגעשטאַנען איין נאַכט — קיינער איז נישט געקומען. אָפּגעשטאַנען אַ צווייטע נאַכט — קיינער איז נישטאָ. ערשט אויף דער דריטער נאַכט הערט ער, ווי מען ברעכט דעם צוים. בערן איז באַפאַלן אַ שוואַכקייט. ס'האָט אים פאַר־פעלט אָטעם, די פיס זיינען אונטערגעבראָכן געוואָרן און די הענט האָבן געציטערט. אַ רגע האָט זיך בער דערפילט אַלט, הפקר. אַ טרער האָט זיך פּרובירט אַרויסגנבענען פונעם אויג, ס'האָט זיך געוואָלט שרייען, ס'האָט געשטיקט און געקנוילט אין האַלדז; אָבער ס'גייט נישט, ער קען נישט, ער האַלט די געלאַדענע שרויט־ביקס, און פרעגט זיך אַליין: „ווי קום איך, בער פון מאַטשייאָווע, צו אַ ביקס? ווי קומט זי, די ביקס, אין האַנט פון פינף און פופציק־יאָריקן שטילן שניט־קרעמער, האַ?"

ס'דויערט נאָר איין רגע; בער קומט צו זיך; ער נעמט זיך צונויף און דערזעט זיי: צוויי שוואַרצע יונגען מיט העק שטייען און האַקן אַ בוים.

„אַזוי גאָר" — האָט אים מיטאַמאָל ס'בלוט אַ זיד געטאָן, און גלייך נאָכדעם איז אים באַפאַלן אַ טיפע רחמנות צו זיינע ביימער, ביימער לעבעדיקע, שמעקעדיקע, ווי אייגענע קינדער, וואָס זיינען, נישט היינט געבראַכט „אַוועק", דעמאָלט, בעת דעם גרויסן הונגער, מלחמה־צייט, ביי די עמלקים, די דייטשן. צוויי קינדער, ווי ליכטיקע זונען. איינער איז „אַוועק" פון דיזענטעריע, דער צווייטער — פון טיפוס...

ווען זיי וואָלטן איצט געלעבט!... וואָס איז אים נאָך פאַרבליבן, חוץ די ביימער, וואָס?

אין מינוטן האָבן אים די קרעפטן צוריקגעשטראָמט; בער איז גע־וואָרן גרויס און שטאַרק. ער איז צוגעלאָפן צו די אַראַבער, וואָס זיינען געבליבן געליימט, בעת זיי האָבן אים דערזען. ס'האָט זיי משמעות שטאַרק גענומען בערס פנים, די פייערדיקע אויגן, די צעפּאַטלטע באָרד, דער טלית־קטן אויפן ווינט, די ווייסע, ברייטע העמד־אַרבל אויפן פאָן פון דער פינצטערער נאַכט...

— וואָס טוט איר דאָ, „רוצחים"? — האָט בער געדונערט.

די יונגען האָבן זיך בעת מעשה, אינסטינקטיוו, פּרובירט אַוועק־דרייען, אָבער זיי זיינען צו זיך געקומען און האָבן זיך פאַרשעמט: אַזעל־

בע צוויי יונגען אקעגן איין עלטערן ייִדן! זיי האָבן זיך ביידע אַ וואָרף געטאָן אויף רבי בערן מיט גרימיקן צאָרן. זיי זיינען אויסן געווען ארויס־רייסן די ביקס. בער האָט געברומט און געביסן די יונגען, ווו ס'האָט זיך געלאָזן. מעשה שטן האָט די ביקס אויסגעקנאַלט: איינער פון די יונגען איז געבליבן ליגן מיט אַ מיאוסער קללה אויף די ליפּן, דער צווייטער האָט אַ רים געטאָן די ביקס, מכבד געווען מיטן גאַנצן כוח בערן איבערן קאָפּ און עוקר געווען אין חושך.

דער פּרדס איז געלעגן גאָר נאָענט פון ישוב. שכנים זיינען גיך גע־קומען צו לויפן, מיטגעבראַכט לאָמפּן מיטן צעשראָקענעם פּאָליציאַנט און געפונען ליגןביידן: בערן מיט אַ צעהאַקטן שטערן און אַ שווערער חלשות. דעם צווייטן — דעם אַראַבער, אַ קאַלטן, אַן אויסגעלאָשענעם, וואָרום אַ פולע לאַדונג שרויט איז אים פון דער ביקס גלייך אין האַרצן אַריין און אָפּגעהאַקט אַלע בלוט־גאַרבינדונגען.

די יונגען פון דער קאָלאָניע האָבן זיך שטאַרק פאַרשעמט אַקעגן צעבלוטיקטן רבי בער, ווען זיי האָבן געהאַט אויפן געוויסן: זיי האָבן אים מפקיר געווען אליין אין די נעכט אויף שמירה.

בעת בער איז געלעגן אין שטאָטישן שפּיטאָל, האָבן זיי לויט דער ריי, טאָג ווי נאַכט געוואַכט, אויסגעהיט און באַאַרבעט בערס פּרדס. דערפאַר האָט זיי בער מוחל געווען אַלע בזיונות פון אַלע יאָרן. בעת ער האָט זיך צוריקגעקערט אהיים פון שפּיטאָל, איז, ווען ער שעמט זיך נישט, וואָלט ער חברה־לייט ארומגענומען צוזאַמען מיט די ביימער פון פּרדס, צוגעדריקט צום האַרצן און געקושט, ווי ער פלעגט אמאָל קושן זיינע צוויי אָדלערלעך, וואָס זיינען „אַוועק", בעת די דייטשן, מלחמה־צייט, איינער פון טיפוס, אַ צווייטער פון דיזענטעריע.

אזוי האָט זיך פאַרוויקלט די צרה אַרום דער קאָלאָניע „יזרעאליה" און ביי די בערס (נישט צו וויסן, פאַרוואָס מען האָט בערן גערופן אין דער קאָלאָניע בלשון רבים: „די בערס", געווען איז ער בסך־הכל איינער אַליין, אַן עלנטער, ווייל זיין ווייב גנעסיע זאָל מען נישט נעמען אין חשבון, לויט זיין איינענעם פּסק. גנעסיע איז נאָך אַלץ ברוגז אויף דער וועלט, זי קען נישט משלים זיין, ס'שטייט איר נישט אָן בערס פּוערי־שער פּאַך. ס'שטייט איר נישט אָן, גנעסיען, דער איידעלער פרוי מיט יחוס, וואָס קייטלט זיך אַזש מיט די בנימינס פון דער סטעפּאַן־גאַס אין מאַטשייאָווע. זי לעבט פאַר זיך, אין איר איינענער, אַלטער וועלט. זי וועט שוין קיינמאָל נישט ווערן קיין „פּויערטע", ניין!)

3.

דער געפּאַלענער אַראַבער האָט געהייסן נאַזשי. געווען איז ער אַ זון פון אַ נאָענטן שייך, אַ בעדואינער, וואָס לאַגערט נישט ווייט מיט זיין שבט. דאָס גיין ביינאַכט צו בערן אין פּרדס איז בשום אופן נישט געווען מחמת גיריקייט אָדער דלות. חלילה. ראשית האָט זיך נאַזשי, דער זון פון שייך סאַלעק אבדו, באַרימט פאַרן „שבאַב" (יוגנט), אַז ער פייפט אויף די „יהוד", ער האָט פאַר זיי נישט קיין מורא, ער וועט ברענגען אַלע טאָג פרישע צווייגן פונעם יידישן פּרדס; ער האָט נישט קיין מורא! והשנית ווייסט ער אַליין נישט פאַרוואָס — דער פּרדס שטערט אים, ליגט אים אין וועג. דער פּרדס מאַכט אים חרוב די גאַנצע האַרמאָניע אַרום, די האַרמאָניע פון נאַקעטקייט, פון וויסטקייט, פון דערנער און שטעכלקעס. עס רעגט אים תמיד אויף, בעת ער זעט דעם אַלטן ייִדן, ווי ער גראָבט דאָ טאָג איין טאָג אויס. דער ייִד זעט אים נישט. באַמערקט אים נישט, פאַרלירט נישט דעם מינדסטן בליק אפילו אויף זיין ווונדערשיינעם אָגער. כ'זאָג אייך, אַז אָגער מיט שם, מיט יחוס... והשלישית דערגייען די מיידלעך די יאָרן; זיי חוזקן, זיי לאַכן אָפּ פון אים, ס'וועט שוין ביי זיי אַ ספק, צי ער איז גאָר אַ מאַנסביל, אַ מאַנסביל, וואָס האָט זיך מיט קיינעם נישט געממיתט, קיינעם נישט איבערפאַלן, קיינמאָל אין תפיסה נישט געזעסן. און דאָס איז שוין אַלט ניינצן יאָר! (אמת איז, אַז געהוזקט האָט מען תמיד אונטער דער פּלייצע, מען האָט מורא געהאַט, נישט פאַר אים, נאָר פאַר זיין יחוס. פאַר דער משפחה. אָבער נאַזשי האָט אַלץ געוווּסט, זיין פאָטערס קנעכט האָבן דערציילט, און פון די מיידלשע אויגן האָט ער געלייענט...)

נאַזשי פּלעגט טיף מקנא זיין די מענטשן פון זיין שבט, בעת זיי פּלעגן קומען פון תפיסה, ווען אַלט און יונג לויפן זיי מקבל פּנים זיין, זיי, די „דזשעדאַס", די גבורים. דער פייערלעכער מאָלצייט, געשאָכטענע שעפּסן, גאַנצע באַליעס רייז, שמעקעדיקע קאַווע, טענץ, פערד־געיעגן, געוועט־לויפן, שווערדן־שפּיל, שיסן אין ציל, אַלץ, אַלץ לכבוד די יעניקע פון די נידעריקע משפּחות, די קבצנים אָן רוף, אָן נאָמען. אים, נאַזשין פּאַסירט קיינמאָל גאָרנישט, נישט קיין מזל, ס'פאַלט נישט צו דער מינדסטער כבוד!

האָט זיך שוין יאָ עפּעס געמאַכט — איז ער, נאַזשי געלעגן קאַלט, אויסגעלאָשן. פּאָליציי האָט אים געבראַכט אהיים, און נאַזשי האָט נישט געזען, נישט געפילט, דעם גרויסן כבוד, וואָס מען גיט אים אָפּ צום ערשטן און לעצטן מאָל אויף דער זינדיקער ערד. ער האָט נישט געזען די צענדליקער שייכן פון דער סביבה אַרום, ער האָט נישט געהערט די צענדליקער קלאָגערקעס, די שענסטע מיידלעך פון שבט. ער האָט נישט

געזען די גרינע פענער, נישט די הויציקע פערד, נישט די פייערדיקע אויגן, וואס האבן געבליצט מיט פיילן און שווערדן צו דער יידישער זייט. ער האט נישט געהערט נישט דאס פויקן פון די פייקלעך, נישט די טרויע־ריקע תפילות און געזאנגען, אפילו דאס פיינע גרינע זיידנס, מיט וועלכן מען האט באשלאגן זיין ארון, האט ער נישט געקענט באטאפן.

נאזשי איז געווען טויט.

פארן שייך סאלעק אבדו מיט זיין שבט האט זיך אנגעהויבן א גע־שפאנטע צייט פון „גאולת הדם". פאר זיי האבן נישט עקזיסטירט די „בערס", פאר זיי האט עקזיסטירט גאנץ „יזרעאליה".

ביז מען וועט נישט אויסגיסן נאזשים בלוט דורך יידיש בלוט פון דער קאלאניע, וועט דער יונגער נאזשי נישט האבן קיין רו אין קבר.

„ס'איז א פאקט, אז תיכף, ווי א מענטש פאלט דורך א מענטשלע־כער האנט, און חליכה נישט פון אללא דעם אלמעכטיקן, פליט אים ארויס פון קאפ א פויגל, וואס הייסט „האמא". דער פויגל דרייט זיך ארום קבר און וויינט: „טרינק מיך אן", „טרינק מיך אן"... דער פויגל דרייט זיך אזוי לאנג, ביז דאס בלוט פון געפאלענעם ווערט נישט אפגעוואשן מיטן בלוט פון די יעניקע, וואס האבן אים „מסדר" געווען, לכל הפחות פון עמיצנס פון דעם רוצחס משפחה. ס'איז א שאנד פאר דעם יעניקן זון פון אראב, וואס לאזט דעם פויגל „האמא" לאנג ארומפליען ארום א קבר פון אן אייגענעם. און אט ליגט פאר זיי א גאנצער ישוב יהוד, שול־דיקע אין נאזשים טויט, און ס'לאזט זיך גאר נישט מאכן, מחמת זייער קלוגשאפט. זיי דרייען זיך מער נישט ארום אין די נעכט. זיי האבן מיט שטעכעדיקן דראט ארומגעצוימט אלע אריינגענג אין דער קאלאניע, און א שמירה אויסגעשטעלט אין אלע ווינקלען ארום.

וואס קענען טאן די מענטשן פון שייך סאלעק אבדו חוץ שיקן קוילן ביינאכט אין די פענצטער, אויסהאקן ביימער, ווו ס'לאזט זיך? מען טוט אויך — ארויפלאזן די טשערעדע אויף די יידישע תבואות. וואס קענען זיי נאך טאן מיט די „יאהוד"? —

חדשים לויפן. נאזשי ווערט פארגעסן. ווער טראכט פון אים? קיין מאמען האט ער שוין לאנג נישט. זי איז „אוועק" פון שווארצע פאקן. — ווער זאל פון אים טראכטן? אמת, דער אלטער שייך טראכט יא, אבער ער איז נישט קיין מאמע, ער איז א זכר און א שייך, וואס האט נאך צוויי ווייבער מיט פערצן קינדער, חוץ די יעניקע פון די דינסטן...

שכנישע שבטים מאכן חוזק פון שייך סאלעק אבדו מיט זיינע מענטשן: אזוי לאנג און נאך נישט פארענדיקט דעם „ענין".

אין דער יידישער קאלאניע איז אויך נישט פרייליך. מענטשן פאלן פון די פיס: גאנצע טעג ביי דער ארבעט, די נעכט אויף שמירה, היזקות אן א צאל, אלע טאג אנדערע שעדיקונגען, ס'איז דערגאנגען ביזן בא־

פאלן די טשערעדעס אין מיטן העלן טאג. דער גובערנאטאר שרייט: „מאכט שלום מיט די מענטשן פון סאלעק אבדו, מאכט שלום!”

גוט צו זאגן „שלום”, בעת יענע, די אראבער ווילן נישט.

זיינען נאך חדשים אוועק. ס'איז יארצייט.

בערם פרדס האט זיך צעבליט און די שמעקעוודיקייט טראגט זיך ווייט ארום. מען האט פאראקערט נייע שטחים, מען פלאנצט פרדסים ארום און ארום, אויף נאזשים קבר וואקסט שוי זא צוווייטער שניט גראז.

די קאלאניע האט זיך צוגעוווינט און בארויקט. אבער די עלטערע איינוווינער און די שומרים זיינען גאר נישט רויק. זיי ווייסן, אז די זאך האט זיך ווייט נישט געענדיקט, און די רויקייט איז נישט קיין רויקייט.

## 4.

דורך א צופאל האט זיך געמאכט א געלעגנהייט אפצושליסן די „זאך”: דער שייך סאלעק אבדו איז אראפגעפאלן פון פערד און צעבראכן א פוס. מען האט אים געבראכט אין זיין צעלט אויף די הענט. די בעסטע רופאטעם פון שבט זיינען געקומען, די בעסטע אפשפרעכערקעם פון דער גאנצער סביבה ארום האט מען געבראכט... זיי האבן פריער אפגעשפראכן און פארטריבן די שדים וואס זיינען אים פארלאפן דעם וועג און גורם געוועזן ס'אומגליק. זיי האבן אים אנגעטרונקען מיט קרייטעכצער, אויסגעגלעט דעם פוס, ארומגעבונדן מיט שטעקעלעך און טיכער. ס'האט נישט געהאלפן! דער פוס האט מוראדיק וויי געטאן, און שטעלן א טראט — זאל זיך אללא דערבארעמען, וואס פארא יסורים! וויפל איז דער שיעור צו ליידן? דא איז אנגעקומען א „באשאא”*) — ווו דער שייך סאלעק אבדו, האט געמוזט זיין, ווייל געמשפט האט מען איינעם פון זיינע מענטשן פאר גנבה. דער שייך סאלעק ווייסט, אז אזא „כאשא”-משפט ענדיקט זיך אפט מיט בלוט און מיט שווערדן, ווייל איינער פון די צדדים בלייבט תמיד נישט באפרידיקט. ווי וועט ער דארטן קומען, דער שייך מיט אזא קלאגעדיקן פוס?! ווי, אז ער קען אפילו נישט רייטן?

איז דעם שייך איינגעפאלן א מחשבה: „ברענגען א יידישן רופא, יענער וועט שוין מאכן דעם פוס מיט פיס צוגלייך”.

א דאקטאר האט מען געבראכט נישט פון „יזרעאליה”, נאר פון א ווייטער קאלאניע. דער דאקטאר האט געהיילט און געשמועסט. און אז

---

*) „באשאא” הייסט ביי די בעדואינער א געריטכס-אקט, ווו דעם באשולדיקטן גיט מען לעקן אנגעגליטן אייזן: ווערט די צונג פארברענט — איז ער שולדיק: ווערט זי נישט פארברענט — איז ער אומשולדיק...

דער שייך סאַלעק אבדו האָט מיט ביידע פיס דערפילט דעם באָדן, און שפּעטער די שפּאָרענעס ביים פערד, האָט ער שוין נישט געוואָלט אָפּ־וואַרפן דעם דאָקטאָרס טענות מכוח שלום מיט די יהוד; אין דער אמתן קען מען דאָך די „זאַך" דערליידיקן אין גוטן מוט! "וואָסי, זיינען עס אַזוי קלאָר די וועגן פון אַללאַ דעם אַלמעכטיקן?" גייען תמיד די זינדיקע מענטשן אין די וועגן פון אַללאַ? זיינען די יהוד נכשל געוואָרן. וועגן דעם אַז זיין זון איז נכשל געוואָרן פריער ווי די יהוד פון „יזרעאליה" איז גלייכער נישט צו דערמאָנען בעת דעם „משא ומתן". מען האָט גערעדט, גערעדט און זיך דערררעדט, אַז מיט געלט און מתנות קען מען אפילו די פייגל „האַמאַ" פאַרטרייבן פון נאַזישים קבר. לסוף איז מען מושווה גע־וואָרן, און באַשטימט דעם טאָג פון „סולויח" — פון דער פאַרגעבונג כדת מיחמד ובני ערב.

יענעם טאָג איז גרויס געווען די שמחה אין דער קאָלאָניע „יזרע־אליה": אַ סוף צו די צרות מיט די שכנים; וועט מען ווייטער קענען ממשיך זיין די אַרבעט אָן שעדיקונגען.

דער עולם האָט זיך שבתדיק אָנגעטאָן, און גנעסיע די בערס, האָט געמוזט אויסזוכן אָן אַלטן הייםישן סורדוט, די געפּאַסקעוועטע הויזן, אַ גומענעם קראַגן מיט אַ „הערצל", אפילו מאַנשעטן מיט גרויסע זילבער־נע ספּאָנקעס, געמאַכט פון ניקאָלייקע דעם ימח־שמוניקס רובלס.

אין שבט ביים שייך סאַלעק אבדו איז יענעם טאָג אויך געווען אַ גרויסע באַוועגונג: אויפן באַגינען האָט מען אויסגעשלאָגן אַ נייעם ווייסן צעלט נישט ווייט פון שייכס לאַגער, אַ צעלט, וואָס די קאָלאָניע „יזרע־אליה" האָט געשיקט. פון אַלע וועגן האָבן זיך געריסן וואָלקנס שטויב, ס'האָבן זיך געזאַמלט געסט פון דער סביבה אַרום.

אָט באַווייזט זיך די שליחות פון די „שולדיקע": צוויי פולע וועגע־נער יִידן, וואָס זיינען געזעסן אין דער הויך אויף קעסטלעך צוקער, זעק רייז, קאַווע, טאַבאַק, זאַלץ, מעל, נאַפט און פּרימוסן. די וועגענער האָבן באַגלייט יונגע בחורים אויף פערד מיט „כלים" אין די קעשענעס (מאַלע וואָס עס קען טרעפן). פון ערשטן וואָגן האָט מען אַראָפּגעזעצט בערן אין זיינע שבתדיקע מלבושים און אַריינגעפירט אין ווייסן צעלט. בעת מעשה האָבן די פרויען פון שבט אויפגעהויבן אַ גרויס געשריי, וואָס האָט זיך ביסלעכווייז איבערגעגאָסן אין אַ ריטמיש לויטער געזאַנג, באַגלייט מיט פּייקלעך.

הינקענדיק איז געקומען דער שייך מיט זיינע מקורבים פון דער־מאָרדעטנס צד, און דער דאָקטאָר מיטן יִדישן מוכטאַר פון קאָלאָניע פון „שולדיקן" צד. ס'האָבן זיך אָנגעפאַנגען פונדאָסניי די אונטערהאַנדלונ־גען.

דער שייך האָט, לויט אַלע אַלטע מנהגים, געפּאָדערט פאַר זיין זון

נאַזשים לעבן אַ כופר אין ווערט פון פערציק קעמלען, חוץ פריוווּליקע מתנות (וואָס איז פריער שוין געלעגן צוגעגרייט אויף די ייִדישע וועגע־נער לויטן אָפּמאַך...). רבי בער איז געזעסן ווי אַ חתן, איינגעשפּאַנט אין גומענעם קראַגן און „מאַנישקע“; אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַדעקט ס׳לייב. ער האָט נישט פאַרשטאַנען אַ וואָרט פון גאַנצן משא ומתן, ער איז געזעסן און געציטערט ווי אַ בלאַט: „וואָס ווילן זיי, די עמלקים?!“

אין דרויסן האָבן זיך געזאַמלט בעדוּאינער אַרום דעם ווייסן „שלום“־געצעלט. די פרויען האָבן געפייקלט און געזונגען, די ייִדישע בחורים אויף די פערד זיינען שטייף געזעסן אין די זאָטלען, און מיט איין האַנט גע־טאַפּט די „כלי“ אין קעשענע, ווייל ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַרום אַ שווערדן־שפּיל, אַ שפּיל מיט ברען און פייער... די בעדוּאינער האָבן דזשאָנגלירט אויף זייערע היציקע פערד אַרום דער ייִדישער „שליחות“. די התלהבות איז געוואַקסן און פון זייערע אויגן האָבן געשפּריצט פיילן.

דער אַלטער געפּרוּווטער שייך האָט גוט געפילט דעם טומל אַרום. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דעם ענין מוז מען וואָס גיכער ענדיקן, ווייל פון דעם שווערדן־שפּיל קען קיין איבעריק גוטס נישט אַרויס. דער דרויסן געפעלט אים נישט.

שייך סאַלעק אַבדו איז געווען אַ מענטש אין די זיבעציקער, מיושב־דיק, מיט אַ קלאָרן שכל, ער האָט געוווּסט, ווי און ווען צו ווירקן, האָט ער דעם מוכטאַר אַ ווונק געטאָן מיט די אויגן צום אומרואיקן דרויסן. די ייִדן האָבן דערפילט, אַז דאָס איז נישט קיין אַנשטעל, נאָר אַ סכנה... ובכן האָט מען זיך גלייך געקלאַפּט אין די הענט, געבוקט ביז דער העלפט, געלייגט הענט צום האַרצן און שטערן און פאַרענדיקט אויף הונדערט פינף און צוואַנציק פונט „חוץ קליייניקייטן“.

בעת די שמירה אין דרויסן האָט דערהערט, אַז מען פּאַטשט אין די הענט אינעם געלט, האָט מען באַפוילן ברענגען קאַווע, און לויטן דין האָט בער פון „שולדיקן“ צד געמוזט אויפשטיין און געבן אַ קוש אין קאָפּ דעם שייך פון „דערמאָרדעטנס“ צד. דערנאָך האָבן אַלע אָפּגעזופּט פון ביטערן קאַווע, מען האָט זיך ווידער געגעבן די הענט, געלייגט הענט צום האַרצן און שטערן, אויפגעציילט ס׳מזומן (וואָס די גאַנצע קאָלאָניע האָט זיך צונויפגעלייגט) און אַרויס אין דרויסן.

ס׳איז שוין געווען שפּעטלעך פאַרנאַכט, ווען די שעפּסן זיינען גע־לעגן אין גרויסע שיסלען אָפּגעבראָטן. עס האָבן זיך פריער געזעצט אַרום די שיסלען די שייכן מיט די ייִדישע געסט מיטן „מחותן“ רבי בער אין סאַמע אויבנאָן. די אַראַבער האָבן אָנגענומען פולע הענט רייז, צונויפגע־קנעטן אין קניידלעך, געריסן שטיקער פלייש און געשמאַק געגעסן. ווי ס׳האָט נישט געוואָרגן, האָבן די ייִדן, פון מנהג וועגן, טועם געווען אַלע מאכלים. כאָטש פאַר זיי האָט מען אָנגעגרייט אייער, מחמת כשרות. מען

האָט פאַרענדיקט, פאַרזופּט מיט קאַווע און זיך אויפגעהויבן. ס'האָבן זיי שוין אָפּגעוואַרט קנעכט, אויפגיסער מיט האַרטער זייף, האַנטיכער און בעקנס וואַסער צו וואַשן הענט און מויל. בעת די ערשטע שיכט נכבדים האָט זיך געוואַשן, האָט זיך אויסגעזעצט אַרום מאַלצייט אַ צווייטע שיכט, פון די ווייניקער געהויבענע געסט. זיי האָבן גיך געגעסן, געלעקט די פעטע הענט, פאַרטרונקען מיט וואַסער און אַליין אַוועק וואַשן הענט און מויל. — זיי האָט קיינער ס'וואַסער נישט אויפגעגאָסן. דערנאָך האָבן זיך, ווי צוגעגנבעט צו די שיסלען, די נאָך אָרעמערע געסט, — אַ דריטער שיכט. די שיריים האָט מען שפּעטער איבערגעגעבן די ווייבער, וואָס זיינען צניעותדיק מיט געדולד געזעסן אין די אַריינגאַנגען פון די צעלטן, באַלאַגערטע מיט קינדער. ס'רעשט, וואָס איז פאַרבליבן פון די פרויען מיט די קינדער, האָט מען אַרויסגעשטעלט אין דרויסן פאַר די קנעכט און פאַסטוכער. יענע האָבן זיך אַ לאַז געטאָן כמעט אויף ליידיקע שיסלען אַזוי, אַז פאַר די הינט זיינען געבליבן נאָר טרוקענע, אויסגענאָגטע ביינער.

אַ שפּאָר ביסל צייט האָט פאַרנומען דאָס אויסטיילן די מתנות. דאָס אויסטיילן איז פאַרבונדן מיט אַ בכבודיקער דינגעניש און באַרימעריי.

— נעם, דו געהויבענער שייך, די מתנה, דאָס פאַרשאַפט מיר די גרעסטע פרייד!

— עך, כאַוואַדזשאַ! דיין גליק איז מיין גליק!

די פולע זעק מיט קעסטלעך האָט מען אַריינגעטראָגן צום שייך אין צעלט, די קלענערע פעקלעך האָט מען צעטיילט די מזוזתנים פון שייך און נאָך אַלעמען איז אַוועק אַ ווילדע „פאַנטאַזיא": צעהיצטע פערדגעיעגן, און טענץ מיט וואַרפן מעסערס און שווערדן — ביי ברענענדיקע שייטערס.

שפּעט ביינאַכט, ווען די ווינטן האָבן אַרומגעטראָגן אויף זייערע פליגל די גן־עדן־ריחות פון רבי בערס צעבליטן פּרדס אין דער נאַקעטער סביבה אַרום, האָט מען זיך געזעגנט, ווי ס'באַדאַרף צו זיין. מען האָט געהאָלפן די ייִדן אַרויף אויף די וועגענער, און ס'האָבן זיי אַרויסבאַגלייט רייטער ביז צו די גרענעצן פון דער קאָלאָניע.

דער „סוליח" — איז געראָטן.

שלום געשלאָסן צווישן די „יהוד" פון „יזרעאַליה" און די „בני אַראַב" פון שייך סאַלעק אַבדו, ביז קינדס קינדער לעולם ועד, אָמן.

צומאָרגנס האָבן די ייִדן אַראָפּגענומען די שטעכעדיקע דראָטן, און באַפרייט די שמירה אַרום דער קאָלאָניע.

יענעם פרימאָרגן איז רבי בער נישט אַוועק אין פּרדס. צום ערשטן מאָל אַזאַ צופאַל אין אַ וואָכעדיקן טאָג, זינט ער האָט באַטראָטן די נחלה!

רבי בער איז געלעגן צעחושט אין בעט, מיט א קאמפרעס אויפן קאפ, און גנעסיע האט אים דערלאנגט טיי מיט היימישן יאגדעס־זאפט. זי האט צו זיך אליין געברומט (בער זאל הערן):

— אז איך האב געטענהט, אז דאס זיינען נישט קיין מענצן; „קראַוואזאדנע" חיות זיינען דאס... ווילדע באשעפענישן זיינען דאס...

דער פויגל „האמא" איז פארשוווּנדן פון נאזשים קבר, מחמת דעם ברית־שלום. און נאזשי האט באלד דערפילט, אז די ערד איז אים גרינג געווארן ווי שפינוועבס.

יענעם טאג האבן די נביאים אריינגעפירט נאזשין א געלייטערטן אין גן־עדן, ווו ער האט זיין רו געפונען צווישן די דזשעדאס (גבורים) פון אלע צייטן... (אלע לויב געזאנגען צו זייער זכרון ביזן סוף פון אלע דורות...).

דער שייך סאלעק אבדו האט געקויפט א דריי־יאריקן אגער, די וועלט האט נאך נישט געזען אזא שיינקייט. דער שייך האט זיך לאנג געדונגען ביז ער האט צוגעקלאפט און באצאלט דרייסיק פונט מזומן פון ברית־שלום פדיון.

די בערס זיינען געבליבן די „בערס". א שאד נאר, וואס קיין אייניקלעך זיינען נישט פאראן אין דער נאענט. ס'וואלט געווען ווערן און וואס צו דערציילן וועגן דער שווערער, אבער „אינטערעסאנטער" צייט פון דער פארגעבונג, פון ברית־שלום.

# אין די בערג

בעת די נאַכט האָט אַראָפּגענידערט אין די בערג פון שכם און אַ שווערער טוי האָט זיך צעלייגט אויף זייערע פעלזיקע רוקנס, איז לעבע־דיק געוואָרן אין איינער פון די פיל היילן אין יענער געגנט.

די חייל האָט זיך געפונען אויף אַ זייטיקער שיפּוע פון דער אָנ־סופיקער בערג־קייט, נישט ווייט פון נייעם וועג, וואָס האָט זיך גע־שלייפט אַרום און ווי אַ וואַסער־באַנד.

דער וועג איז געלעגן טויט, ווייט צעצויגן ווי אַ לייוונט צום בלייכן אין נאָענטן דאָרף, און אויף וויפל ס'אויג האָט פאַרכאַפּט, האָט ער זיך געפונען אונטער דער שטרענגער שמירה פון נאַזשי „ראַזאל", אַ יונגער פעלאַך פון ווייטן נגב. נאַזשי ראַזאל איז געשטאַנען אויף דער וואַך ביים מויל פון דעם גוט געדעקטער הייל, אָנגעשפּאַרט אויף אַ לאַנגער טערקי־שער ביקס, וואָס דער „ראַים" (עלטסטער) פון הייל האָט אים געגעבן צוזאַמען מיטן באַפעל:

„געדענק, נאַזשי! ביי אַללאַ און זיין נביא מוחמד, 20 לעבנס ליגן אין דיין האַנט אָט דאָ אין הייל. נישט פאַרשלאָפן, נישט פאַרזען! — ווען סטו זען ציווילע אויטאָמאָבילן — גיב איין פייף! ווען סטו זען די פאַרשאָלטענע פּאָליציי — לייג זיך אַנידער, ליג רויק, ווי דו וואָלסט געלעגן אין קבר; ווען די פּאָליציי זיין אַוועק — גיב צוויי פייפן; ווען סטו זען אַ סך אויטאָמאָבילן, פון די גרויסע, פון די יהוד — גיב דריי פייפן; נעם זיך צונויף, ציל אין שים, ציל אין די פענצטער, ציל אין די רעדער, און גיך ווי אַן אויגן־פינטל זיינען מיר אַלע אויף דער „סינסלע" (אַ וואַנט פון אַנגעוואָרפענע, נישט צוזאַמענגעמויערטע שטיינער).

— געדענק, נאַזשי, ביסט היינט ס'ערשטע מאָל אין די בערג, כבוד און עשירות דערוואַרט דיך אויף דער וועלט, און אויב ס'איז, חלילה, גזר געוואָרן דאָ צו פאַלן, זיינען אַלע טויערן פון גן־עדן אָפן פאַר דיר, אַזוי ווי פאַר אַלע, וואָס שטייען מיטן טייף (שווערד) פאַרן כבוד און גלויבן פון איסלאַם, פאַרן רום פון נביא, אַלע ברכות און שבחים זיין נאָמען"...

נאַזשי האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין האַנט, זי צוגעלייגט צו די ליפּן

און שטערן און אויסגעשטאמלט: טאכט אמראק יא סידי"! (צום באפעל, מיין האר).

אזוי איז אפגעשטאנען נאזשי וואסערע 4 שעה, אין ציטערניש און מחשבות ביז אין דער פינצטערער נאכט אריין, — און גארנישט, ווי דער וועג וואלט געשטארבן. אמת, אייניקע מאל זיינען עראפלאנען נידעריק פארביי געפלויגן. נאזשי איז בעת מעשה צעטומלט געווארן. ער האט נישט געוווסט, ווי זיך נוהג צו זיין: וויפל מאל צו פייפן, יא שיסן, אדער נישט שיסן. אבער דער פשוטער שכל האט אים אונטערגעזאגט: „מען האט דיר נישט דערמאנט קיין עראפלאן, איז נישטא קיין עראפלאן! זאל זיך דיר דוכטן, אז א שפארבער פליט".

און נאזשי האט זיך נישט גערירט פון ארט...

ס'איז געקומען די צייט פון בייטן די וואך. פון הייל האט זיך ארויסגעשליידערט א מיטליאריקער בעדואינער מיט אן איינגעהילט פנים, חוץ צוויי פייער־גליענדיקע אויגן מיט א שווערער קעמל־האריקער אבאיע. האט מען גארנישט נישט געזען. אן ווערטער האט ער נאזשין א קלאפ געטאן אין אקסל, איבערגענומען די ביקס, פרובירט דעם שלאס, איבערגענומען ס'גארטל קוילן, און מיט א „טצצצ" האט ער באפרייט נאזשין פון אחריות.

נאזשי האט זיך איינגעבויגן און אריינגעשלענדערט אין הייל אויף אלע פיר. אין אנהויב האט אים א שטיקנדיקע ווארעמקייט א שלאג געטאן אין פנים. ס'איז געווען א מחיה אין הייל. נאזשי וואס איז געווען געוווינט צום ווארעמען נגב, האט שוין געפרווירן אין די אלולדיקע קילע טרויעריקע אוונטן. א געדיכטער רויך האט געפרעסן די אויגן, טרערן האבן גערונען און ס'האט געשמארצט. איצט איז אלץ ניחא — אבי ווארעם. דער רויך איז געהאנגען ווי א וואלקן איבער די קעפ, — א רויך — וואס האט געשלאגן פון א שייטער צווישן עטלעכע שטיינער; איבערן שייטער, אויף א דרייפוס איז געהאנגען א קעסל, וווּ ס'האט זיך געקאכט א צימעס פון גרינס, און א זייט אין הייסן אש האבן געזונקען א גאנצע שורה קריגעלעך מיט שמעקעדיקער קאווע...

ארום זיינען געזעסן צעפרייעטע מאנסלייט. ווער ס'האט געלויזט א קאפטאן, ווער ס'האט געפוצט א ביקס, איינער האט געמישט דעם צימעס, א צווייטער האט אונטערגעהאלטן דאס פייער און געהיט די קאווע, די איבעריקע זיינען געלעגן צוגעטוליעט איינער צום צווייטן און געשוויגן, בעת א מיטליאריקער אראבער, ספק שטאטישער, ספק דארפישער, האט דערציילט:

„ארום ירושלים האבן מיר אויסגעראמט א גאנצע יידישע קאלאניע, די בהמות פארטריבן אין פעלד, אין די בערג, דעם שייער אוועקגעלאזט מיט פייער. וואס ס'האט זיך געלאזט האבן מיר מיטגענומען מיט זיך.

בעת מעשה זיינען די פאַרשאָלטענע יהוד געזעסן אויפן וואַסער־טורעם און געהאַלטן אין איין פייערן, ביז ס'זיינען געקומען די סאָלדאַטן און מיר זיינען געקומען אין אל־דאָס שלעכט. פּלוצים, ווי פון וואָלקן, איז מיט שטורעם אָנגעפלויגן דער גרויסער מנהיג און קריגער, זאָג איך אייך, זין פון אַראַב, אַז טויזנטער זיינען זיי געפאַלן, די אינגליז מיט די יהוד, ווי די פליגן, און מיר אַלע זיינען ניצול געוואָרן"...

— „איצט, אַהואַן (ברידער) וועל איך אייך דערציילן פון תל־חרם, ווו דער הימל איז מיטאַמאָל שוואַרץ געוואָרן פון עראָפּלאַנען. מיר האָבן געשאָסן און זיי אַראָפּגעקנאַלט אין די צענדליקער. בחית אללאַ (ביי אללאַס לעבן) די אינגליז זיינען אַרויסגעפאַלן, און די פאַרשאָלטענע עראָפּלאַנען זיינען אָדער פאַרשוווּנדן אין הימל, אָדער צוזאַמען מיט די אינגליז צעשמעטערט געוואָרן אין די בערג"...

„ביי חברון האָבן מיר געהאַט אַ וווּנדערפולן מאַגנעט, וואָס אונדזער גרויסער קריגער האָט באַקומען אַ מתנה פון די באָלשעוויק, פון זייער מלך אין מאָסקווע. ווי נאָר דער עראָפּלאַן באַווייזט זיך, לייגט מען אַוועק דעם מאַגנעט אויף אַ גלייכן פּלאַץ — און „מאַרסאַלאַמי" (אַ גוטן טאָג) מיט אים! דער מאַגנעט ציט אים אַראָפּ צו דער ערד, און מיר פאַרענדיקן אים, אַזוי האָבן מיר מסדר געווען צענדליקער עראָפּלאַנען טאָג איין טאָג אויס"...

וואָס מער דער אַראַבער האָט דערציילט, אַז גליענדיקער האָבן געפינקלט די אויגן, אַלץ נאָענטער האָט זיך צונויפגעדריקט אַרום אים די מאַנסבילן, ביז איינער אַ שטאָטישער, אייראָפּעיִש געקליידעט, פון ירושלימער שטאַב, האָט זיך מתקנא געווען אין דערציילער און אָן שהיות אים איבערגעשלאָגן:

„איך זאָג אייך, ברידער, אַז מיין פעטער איז דערביי געווען, ווי אַזוי דער גרויסער קריגער, דער העלד, אונדזער מנהיג האָט זיך אַנטפּלעקט: וואָרום ביז יענעם טאָג האָט קיינער, חוץ אַללאַ, נישט געוווּסט פון זיין גבורה. דער מנהיג איז געקומען קיין ירושלים צו די זקנים און שייכן, און האָט זיך געווענדעט אַזוי צו זאָגן: — איך נעם אַלץ איבער, איך בין אַ מלחמה־מענטש, איך בין אַן אָפיציר פון דער איראַקישער אַרמיי פון אונדזער פאַרשטאָרבענעם מלך פייזל, אַלע ברכות און לויב זיין זכרון, איך וויל דאָ אַ סוף מאַכן צו די יהוד מיט די אינגליז צוזאַמען, גיט מיר נאָר די פולמאַכט מיט דער ברכה פון אַללאַ...

„האָבן די זקנים און שייכן געשטוינט; זיי האָבן פון אים געפאָדערט באַווייזן. האָט ער, דער גרויסער קריגער, אַ כאַפּ געטאָן אַ קינד, ביים קינד איז געשטאַנען אַ פליג אויף דער נאָז. דער גרויסער קריגער האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין רעוואָלווער און אַלכסונדיק אַראָפּגעשאָסן די פליג, נישט פּוגע געווען דאָס קינד מיט דאָס מינדסטע"...

„אזוי האָבן זיך אַלע זקנים און שייכן איבערצייגט אין זיין גבורה און אים געגעבן אַלע פולמאַכטן".

א ווײַלע האָט אַלץ געשוויגן פון טיפן רושם, ביז פון ווינקל האָט זיך דערהערט א שווערער געגעניץ. דאָס האָט זיך אויפגעכאַפּט פון טיפן שלאָף סאַיד, דער פישער פון זיב. ער האָט פאַרשטאַנען, אז מען האָט דערציילט, האָט ער זיך צוגעשאַרט צום רעדל אַרום פייער, און צום ווײַפּלטן מאָל איבערדערציילט די מעשה מיט דעם ים־מיידל. די מעשה דערציילט ער אזוי:

„מיט צוואַנציק, אפשר מיט פערציק יאָר צוריק זיינען מיר אוועק אין וואַסערע צוואַנציק שיפלעך צום פאַנג אין ווייטן ים. דאָס איז גע־ווען א געבענטשטער טאָג פאַר פישער, — פיש זיינען געווען מער ווי וואַסער, ס'האָבן זיך די נעצן געריסן פון משא. מיר האָבן אין יענעם טאָג אָנגעלאָדן אזויפיל פיש אויף די שיפלעך, אז זיי האָבן געצויגן צום גרונט. מיר האָבן נישט געפילט ווי דער הימל האָט זיך צעכמאַרעט — אזוי זיינען מיר געווען פאַרטאָן אין פאַנג. מיטאַמאָל איז אויסגעבראָכן א שווערער שטורעם. קוים מיטן לעבן האָבן מיר זיך דערקליבן צום ברעג אָן פיש און אָן נעצן. דער שטורעם האָט אַלץ פאַרצערט, און שטעלט זיך פאָר, אז דער יונגער אבעד, דער זון פון אַלטן קורדי, איז פאַרשוווּנדן אין ים...

„אוועק א טאָג, אוועק צוויי, מיר האָבן אים באַווײנט און גע־טרייסט דעם אַלטן קורדי: סוף כל סוף איז אזוי דער ווילן פון אַללאַ.

„מאַכט זיך א מעשה, וואָס די וועלט האָט געקלונגען: אויפן דריטן טאָג קומט אבעד, דער זון פון קורדי, צוריק פון ים מיט א שיפל פיש, מיט אים — א מיידל איינגעוויקלט אין קליידער פון פיינסטן זיידענעם נעץ־שטאָף, א יפת תואר, וואָס די וועלט ווייסט נישט: א געזיכט — ווי א ליכטיקע זון, בויגעוודיק ווי א שלאַנג, ציטריק, ווי א גרעזעלע. וואָס מיר האָבן זיך נישט באַמיט אַרויסצובאַקומען פון אבעדן די פּרטים פון זיין וווּנדערלעכן צוריקקער. קיין סודות זיינען נישטאָ אויף דער וועלט — זיינען מיר אַליין דערגאַנגען: אבעד האָט זיך שוין געטרונקען, אָט־אָט, א רגע פאַרן טויט, איז ער אָבער א בר־מזל געווען. — א ים־מיידל פון טיפן גרונט האָט זיך פאַרליבט אין אים, און אים אויסבאַהאַלטן אין ים ביז נאָכן שטורעם, וואָרום אזא געשטאַלטיקער בחור, ווי אבעד, איז ווייט צו זוכן! אז דער ים האָט זיך באַרויִקט, האָט אבעד גענומען פּאַ־דערן, זי זאָל אים באַפרייען. ער האָט דאָך געלאָזט הפקר א היים מיט אַן אַלטן טאַטן. זי ווידער האָט פון גאָרנישט געוואָלט וויסן, זי האָט אים ליב און וועט אים נישט אָפּלאָזן פאַר קיין שום אוצרות אין דער וועלט. נעמט אבעד און שרעקט זי מיט זעלבסטמאָרד; בלית־ברירה איז זי מסכים געווען בתנאי, ער זאָל זי מיטנעמען מיט זיך, און ער האָט זי מיט־

גענומען. אַז דאָס גאַנצע דאָרף האָט זיך דערוווּסט די מעשה און זיך געלאָזט אָנקוקן דאָס וווּנדער, האָט זיך אַבער דערשראָקן, געכאַפּט דאָס בעסטע פערד פון דאָרף, זיך אַרויפגעזעצט מיטן מיידל און פאַרשוווּנדן ווייט אין די בערג אין אַ פרעמדן מקום, ווו קיינער קען זיי נישט, און ביידע לעבן אין גליק ביז היינטיקן טאָג״...

דערווייל איז דאָס צימעס פאַרטיק געוואָרן. מען האָט דעם קעסל אַראָפּגענומען פון דרייפוס. דער „ראיס״ האָט אַלעמען אויסגעטיילט פלעצלעך און צו עטלעכע נעגעלעך קנאָבל; פאַרגאַפטע האָט מען זיך געזעצט צו דער סעודה.

נאַזשי האָט נישט געקאָנט עסן. ער האָט געהאַלטן די פלעצלעך מיטן קנאָבל אין האַנט. ער האָט עס געדרייט מיט די פינגער און געטרוימט פון יענעם וווּנדערלעכן ים־מיידל, וואָס באָדט זיך אין תענוגים מיט אַבעדן, דעם גליקלעכן פישער אין ווייטן אומבאַקאַנטן דאָרף. דער פריערדיקער צויבער פון גרויסן מנהיג און קריגער, דער וווּנדער מיטן מאַגנעט, זיין ציל, זיין גבורה, זיינע מעשים זיינען פאַרשוווּנדן אין געדיכטן רויך, אויבן איבער די קעפּ פון דער הייל.

ביסלעכווייז האָבן זיך נאַזשיס אָדערן אָנגעקוואָלן מיט זודיקן בלוט, וואָס האָט געשטורעמט און געריסן, ער האָט זיך דערפילט נאָענט מיט זיין ליבער, מיט זיין אויסגעבענקטער וואַרדיע.

וואָס טוט זי איצט? צי זיפט זי איבער דורה? צי קלייבט זי אויס פסולת פון ווייץ? צי נייט זי אפשר אויס אַ הימל־בלויען חופה־קלייד?

„ווער ווייסט״... האָט אַ ריציחה אַ שלאָג געטאָן אין געהירן. אפשר פאַרעט זי איצט אין אָוונט אַרום מיט מוסא, דעם יידישן שומר פון דער שכנותדיקער קבוצה; ער האָט זיי ס׳לעצטע מאָל געפּאַקט צוזאַמען אונטער אַ סטויג פון פאַרשאָלטענעם יידישן שייער. ער האָט זי געכאַפּט פאַר די האָר און געשלאָגן מכות רצח. מוסא האָט אויסגעשאָסן אין דער לופט. ס׳איז געוואָרן אַ צונויפלויף, מען האָט זיך אַלץ דערוווּסט אין דאָרף. וואַרדיעס ברידער זיינען אויך געקומען צו לויפן און אָן אַ דין, אָן אַ חשבון זיך געוואָרפן מיט מעסערס, ווער אויף מוסאס צד, ווער אויף אים, אויף נאַזשין. נאַזשי האָט זיך געריסן אין אייפערזוכט להשמיד און לאבד... ווייסט ער, ווי אַזוי זיין מעסער איז געבליבן שטעקן צווישן די ריפּן פון וואַרדיעס ברודער, ווייסט ער ווי?

צו זיין מזל האָט זיך באַוויזן דער גרויסער מנהיג און קריגער אין די בערג, און נאַזשי איז אַזוי ניצול געוואָרן פון בלוטיקער נקמה; אַזוי איז געקומען זיין ישועה. זאָל געבענטשט און געלויבט זיין אַללא דער אַלמעכטיקער און דער נביא מחמד זיין שליח — ביזן סוף פון אַלע דורות. זאָל געבענטשט זיין דער מנהיג און קריגער, וואָס האָט אים דאָ שוץ געגעבן אין הייל, צוזאַמען מיט דער געלעגנהייט זיך נוקם צו זיין

אַן פֿאַרשאָלטענעם יהוד, וואָס פֿון זיין זרע האָט אַרויסגעשפּראָצט אַזאַ מוסא, דער שומר פֿון קבוצה...

נאַזשי האָט זיך צערעוועט ווי אַ יונגער אָגער. אַ שוים האָט אים גע־שלאָגן פֿון מויל. די פֿלעצלעך האָט ער צעריסן אויף שטיקער און צע־וואָרפֿן אַרום. די מאַנסבילן האָבן איבערגעריסן ס׳באַטעמטע עסן און זיך אומגעקוקט, ווי נאַזשי שוימט און וואַרפֿט זיך, ווי נאַזשי רייסט פֿון זיך דעם קאַפּטאַן.

דער „ראַיס" האָט געגעבן אַ ווונק, האָבן זיך עטלעכע אַ וואָרף גע־טאָן אויף נאַזשין און גענומען בינדן אים הענט און פֿיס מיטן לאַנגן, רויטן גאַרטל פֿון זיין אייגענעם קאַפּטאַן.

ווען פֿון דרויסן האָט זיך געהערט אַ פֿייף, איז דער „ראַיס" אַרויס נאָכזען די וואַך, און ווען ער איז צוריקגעקומען אין הייל, האָט ער זיך אויף קיינעם נישט אומגעקוקט, נאָר געגעבן אַ שטאַרקן שפּיי אין פֿייער און מיט ציינקריצעניש געברומט:

— נאָך נישט באַוויזן אָפּפֿייערן אַפֿילו איין שאָס, און שוין משוגע פֿון שרעק, אַזאַ טינופֿת שיקט מען אין די בערג...

ווי פֿון אָנגעגליטן קופּער איז אַ גרויסע זון אַפּערגעשווומען פֿון די ווייטע בערג. וואָס העכער די זון איז געשטיגן, אַלץ געמינערט איז גע־וואָרן איר גרויס, און בלאַסער איז געוואָרן דער הימל, און נאַקעט גרויער זיינען געוואָרן די בערג. די זון האָט זיך צעוואָרעמט, געטרונקען דעם טוי פֿון דערנער און פֿעלזן, געשלונגען אומצאָליקע טיולן פֿון נעפּלען, וואָס האָבן געקייקלט צווישן בערג און טאָלן, און געבליבן הענגען אַ מזרח־דרומדיקע אַ זאַטע, אַ צעשטראַלטע.

דער וועג איז געלעגן בלאַס, פֿאַרחלשט, עלנט און צעצויגן, ביז ער האָט זיך פֿאַרלוירן ווייט אין מרחקים דורך באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ, אין דער ריכטונג צו ירושלים.

אין דער הייל איז געזעסן סאַיד דער פֿישער פֿון זיב און מיט אַ דעמבענעם שטויסל געשטויסן קאַווע אין אַ מערזל פֿון אַלטן פּימסן־האָלץ, מיט גלאַנציקן קופּער באַשלאָגן, אויסגעפּוצט, „ליכטיק ווי אַ בליץ". סאַיד האָט געוואָרפֿן דעם שטויסל, ווי אַ כישופֿמאַכער, און אויס־געקלאַפּט אין מערזל צענדליקער ניגונים, וואָס האָבן אים מיט די מענטשן דערמאָנט אָן ווייטע פֿאַרוואָרלאָזטע דערפֿער אין גליל, אין חורן ביז די מדבריות פֿון איראַק, וווּ האַלב הונגעריקע קינדער מיט אויסגעטריקנטע ווייבער שטייען אין די פֿאַרנאַכטן ביי די קרייצונגען פֿון די שטעגן און קוקן אויס זייערע „מואַדזשידין" (מצוה־מלחמה־ניקעס), אפֿשר איז שוין דאָרטן געענדיקט אין די בערג, און די מאַנען מיט די ברידער וועלן צו־ריקקומען מיט כבוד און גוטס, עשירותן — ביזן סוף פֿון אַלע דורות. וואָרום ווער קען איבערדערציילן פֿון די אוצרות, וואָס וואַלגערן זיך ביי

די גאָטלאָזע יהוד אין די שטעט און קאָלאָניעס פון פּאַלעסטין? ווען — אויב נישט איצט — וועט מען דערפון געניסן, בעת דער גרויסער קריגער פון איראַק האָט געשלאָגן די אינגליז און תל־אביב פאַרגייט אין הונגער?!

סאַיד האָט געשטויסן די קאַווע און צוגעזונגען אַ ליד פון זיין פּי־שער־לעבן. ער מיט זיינע חברים דאָ אין הייל האָבן שוין לאַנג אויפגע־הערט טראַכטן פון יידיש גוטס, וואָס האָט זיי דאָ אריינגעצויגן אין די בערג פון שכם! מיט יעד טאָג האָבן זיך די עשירותן פון זיי דערווייטערט, און סאַיד האָט גאָר געלעכצט נאָכן ים, נאָך זיינע נעצן. ס'האָט געשפּאַרט אַרויס מיט אָפּגעלאָדענע גבורה פון זיינע מוסקולן, פון זיינע אייזערנע הענט, אויסגערוטע, פאַרבלאַסטע, מיט ווייכע מאַזאָליעס ווי שמאַטעס.

ווי ער וואָלט עס איצט זיך געלאָזן אין ים אריין אין גרעסטן שטו־רעם און אַרויסגעצויגן דעם זעגל, פאַרוואָרפן די נעצן אין גיהנומדיקע כוואַליעס: די גראָבע שטריק וואָלט ער איינגעהאַלטן מיט די הענט, נישט צוצובינדן צום זעגלבוים... סאַיד האָט אַ וואָרף געטאָן אין דער לופטן דעם שווערן שטויסל און אים צוריקגעכאַפּט, ווי ס'וואָלט געווען אַ פעטע „בורע", אַ צאַפּלדיקער פיש, און מעכאַניש האָט ער אויפן גלאַטן שטויסל געזוכט די זשאַברעס, ווי ער וואָלט טאַקע געהאַלטן אַ לעבעדיקן פיש...

די מענטשן האָבן געאיילט און געפּוצט די ביקסן, געזעסן אָנגע־כמורעט, יעדער מיט זיינע מחשבות. סאַיד האָט אויפגעהערט זינגען און מיט רציחה געטופּעט מיטן שטויסל איבער די צעריבענע קערנער, בום — בום — בום — — — — —

נאָך פאַרן באַגינען האָט דער „ראיס" אָפּגעבונדן נאַזשין, אָפּגע־לאָזן זיינע הענט וואָס זיינען שלאַבערדיק אַראָפּגעפאַלן צו דער ערד, און צו אים געזאָגט אַזוי:

„הער מיך אויס, נאַזשי, דו זון פון ראַזאַל, איך בין דיר מוחל דיין נעכטיקע משוגעת, זיי ווייסן, נאַזשי, דו זון פון ראַזאַל, אַז מאָרגנדיקער טאָג וועט זיין דיין נסיון: אָדער דו בלייבסט מיט אונדז אין די בערג, אָדער מיר שיקן דיך צו אַלדע שוואַרצע יאָר, דו כלב בן כלב, ממזר איי־נער, דו הערסט?!"

נאַזשי האָט נישט געהערט. ס'בלוט האָט געשטראָמט באַפּרייט און געשלאָגן ביז צום מוח אַרויף, פייערדיקע רעדער האָבן זיך געדרייט פאַר די אויגן...

„אָדער דו וועסט מיר זיין אַ „רזשעדאַ" (גבור), אַן אבו דזשילדע, אָדער צו אַלדע ווילדע שדים" — האָט געדונערט דער „ראיס".

אָנגעהויבן האָט זיך יענער פרימאָרגן מיט אַ שטאָלענעם געזאַנג פון פראָפּעלער הויך אין די הימלען, גאַרנישט ווי שטענדיק. די מענטשן פון הייל האָבן אַזוי גיך נישט דערוואַרט די שטאָלענע פייגל; זיי קענען

די דרכים פונעם אינגליז: פאר ניין קומען זיי נישט אנצופליען. דער פרימארגן איז געווען א הייסער, ווי אין גיהנום, האבן זיך די מענטשן אויסגעטאן ביז צו די ברייטע, ווייסע גאטקעס, די קאפטאנעס האבן זיי אויסגעלויזט און צעלייגט אויף די שטיינער, די ליבע זון זאל זיי אויס־ווארעמען און אויסטריקענען. נישט באוויזן „אפצובאקן" א „נאראק סאיד" (גוט מארגן), דער אעראפלאן איז דא! זיי האבן נישט געוווּסט, אז זייערע ווייסע קאפטאנעס האבן זיך געווארפן אין די אויגן דעם במרומדיקן אינגליז אויפן אעראפלאן, וואס האט זיך פלינק געטאן א קוליע, מיט נאז אראפ, מיט א שטורעמדיקן וואיען און אפגעשטעפט מיטן מאשין־געווער א טרא־טא־טא־טא־טא — — — — נאכדעם צוריק זיך ארויפגעריסן צום הימל, און אראפגעלאזן פון אויבן א שפיציקע זילבערנע באמבע, וואס האט אויפגעריסן מיט א דונער וואסערע אנדער־האלבן קילאמעטער ווייט פון דער הייל.

דעם דונער האבן די בערג אויפגעכאפט און ווי א פילקע געווארפן איינער צום צווייטן — און אפגעהילכט מיט טויזנט קולי־קולות.

די הייל האט אויפגעציטערט, די מענטשן האבן מוותר געווען אויף די קאפטאנעס, און די ברייטע גאטקעס, מיט נאקעטע אויבער־גופים זיך צעשאטן יעדערער מיט זיין ביקס און פארשטעקט אונטער די פעלזן; יעדער באזונדער האט אנגעהויבן ווילד שיסן אין שטאלענעם פויגל, וואס איז שוין געווען העט, ווער ווייסט וווּ — גרויס ווי א פויגל, נישט צום הערן מיט זיין טומל. זיי האבן געשאסן מיט רציחה, מיט שנאה, ווי זיי וואלטן מיט רציחה אפגעלאדן די לאסט פון די געמיטער...

דער ערשטער איז געקומען צו זיך דער „ראיס", וואס האט מיטן הויפן אראפגעשארט דעם שוויים פון פנים אויף די נאקעטע פעלזן אראפ. ער האט זיך צוגעזעצט אויף א שטיין, פארקלעמט די ביקס צווישן די פיס, פארדרוקט צוויי פינגער אונטער דער צונג און אויסגעשניטן א פייף, וואס האט אפגעקלונגען מיט טויזנטער חוזק־פייפן אין די בערג. דער „ראיס" איז אוועק צום הייל, נאך אים האבן זיך געשארט די מענטשן פון אלע באהעלטענישן און אלע פעלזן ארום.

בעת דער אעראפלאן איז געקומען אנגעפלויגן, און אלץ האט זיך געווארפן צום געווער, איז דער איינציקער אין הייל געבליבן זיצן — נאזשי; זיינע הענט האבן נישט געוואלט דינען, מחמת קנוילן טרערן, וואס האבן זיך געשפארט און געווארגן, פון שנאה, יסורים און באליי־דיקונג, פארוואס האט אים דער „ראיס" אזוי מבזה געווען? פארוואס טאר ער נישט ליב האבן זיין ווארדיע? פארוואס קריכט זי צום גאטלאזן ידישן שומר? פארוואס קוקן אים אוים ווארדיעס ברידער און זוכן נקמה — — — וואס טוט ער דא אין הייל?

דער „ראיס" האָט אים אָנגעקוקט, מיט בליצן אין די אויגן, און אַ פּליק געטאָן אַ קרומען מעסער פון די תחתונים אַרויס: עס וואָלט שוין געווען נאַזשיס סוף, ווען נישט דער פישער סאיד, וואָס האָט אין דער געבענטשטער רגע געכאַפּט הינטערווייַלעכץ די האַנט פון צאָרנדיקן באַפעלער. דער „ראיס" האָט זיך אומגעדרייט, געטאָן אַ שפּײַ און קורץ אויסגעברומט: „שוין זאָל דאָ נישט ווערן דיין געביין, אין דיין שוועסטערס"...

דערווייל האָבן לעגנאַויס דעם פאַרחלשטן וועג די טעלעפאָן דראָטן געזונגען שחרית, און פון ווייטן האָט זיך געמערקט אַ וואָלקן שטויב, וואָס האָט געלאָזט וויסן, אַז דאָס פאָרן יידן קיין ארץ ישראל סוף זומער 1936, פון חיפה קיין ירושלים.

געפאָרן זיינען זיי אין 12 אויטאָמאָבילן אין אַ קייט געצויגן. פריער איז געפלויגן אַן אַעראָפּלאַן אויסשפּירן דעם וועג, שפּעטער איז געקראָכן אַ טאַנק מיט קוילנוואַרפער און מאַשין־געווער, נאָכדעם — אַ געפּאַנצערטער אויטאָ מיט ראַדיאָ, באַזעצט מיט סאָלדאַטן אין אייזערנע היטלען, נאָכדעם צוויי פול־געפּאַקטע אויטאָמאָבילן מיט 66 יידן, וואָס זיינען געלעגן צווישן די בענק, די שאָפערן אין אייזערנע היטלען מיט רעוואָלווערן אויף די רעדער; אין יעדער אויטאָמאָביל — סאָלדאַטן מיט ביקסן און מאַשינגעווער, און פון הינטן, וויימער געפּאַנצערטע אויטאָמאָבילן פול מיט מיליטער, און אין סאַמע עק — אַן אויטאָ מיט אַ רויטן קרייץ, מפטיר — ווידער אַ טאַנק...

דער „ראיס" האָט אויסגעשניטן אַ פייף, וואָס האָט געהייסן: „מענטשן, צום געווער".

די „מענטשן" זיינען ווידער געלאָפן מיט ביקס אין האַנט, און מיט קללות אין מויל צו די פאַרשטעקן הינטער די פעלזן. זיי האָבן דערזען דעם צעצויגענעם קאַראַוואַן, דערהערט איבער די קעפּ דעם רויש פון אַעראָפּלאַנען, האָט זיך הייס בלוט צעגאָסן איבער די אָדערן, און גיהנום־שנאה אָנגעצונדן אין די אויגן. דער „ראיס" האָט באַפוילן:
„שיסן"!

„פייער" — האָט געדונערט פון אונטן אַ בריטישער לאַנס־קאָר־פּאָראַל.

„אש" — האָט געשריגן אַ יידישער שאָפער.

מאַשינען־געווער האָט זיך צעשטעפּט, קוילן־וואַרפער האָבן געבילט, ווי אָפּגעריסענע הינט, און ביקסן־קנאַלעריי האָט זיך צעשאָטן, ווי מען וואָלט טרוקענעם טשערעט געטראָפן, און די בערג האָבן ווידער אויפגעכאַפּט ס'געשריי פון פייער און טויט, און געוואָרפן אים איינער צום צווייטן איבער טאָלן.

טראַ־טאַ־טאַ־טאַ־ — בום־בום־בום־ — כאַ־כאַ־כאַ — — — —

66 ייִדן זיינען געלעגן אין די קאַנאַוועס פון כביש מיט געביילטע פויסטן און פאַרגליווערטע בלוטן, 12 ייִדישע שאָפערן זיינען געלעגן אויסגעלייגט אַקסל ביי אַקסל מיטן בריטישן זעלנער און האָבן געפייערט אין די בערג, נישט צו וויסן אין וועמען, נישט צו זען ווו — און אויבן פון באַרג אַראָפּ האָבן זיך געשאָטן קוילן איבער די קעפּ און אויטאָמאָבילן, קוילן פון אַלערהאַנט געווער־פאַבריקן אין אייראָפּע, דייטשישע, טשעכישע, איטאַליענישע און... ענגלישע און פראַנצויזישע פון כלערליי מאַרקעס, קוילן שפּיציקע, גלאַטע, פיין פּאָלירטע און קוילן צעפּרישטשעטע, מיט אָפּגעהאַקטע שפּיצן, „דום־דום" פון הײמישע אַרבעט.

דער ראַדיאָ האָט געפּונקט נאָך הילף אין שכם; דער אַעראָפּלאַן האָט זיך געדרייט און געקוליעט אין דער לופטן, און אויפן שפּוע פון באַרג, צווישן די פייערן פון אייגענע און פרעמדע, צוגעקלעפּט צו א געוועלבונג פון אַן אַנגעגליטן פעלז, איז געלעגן און הויך געיאָמערט דער עלנטער נאָזשי, דער זון פון ראַזאַל, פון ווייטן, וואַרעמען „נגב";

„אַללאַ, יאַ־אַללאַ, אַללאַ, דו אַלמעכטיקער!"

# דער לייט־לאָמפּ

קנאַפּע צוויי יאָר האָט זיך פּואַד בשארא געוואַלגערט אין אַ פּליטים־לאַגער ערגעץ אין לבנון. לכתחילה, נאָכן אַנטלויפֿן פֿון חיפה, האָט מען פּואַדן אויפֿגענומען אין ביירוט מיט אַלע געהעריקע כּיבודים, ווי ס'פּאַסט זיך פֿאַר אַ מאַרטירער און גיבור, וואָס האָט מלחמה געהאַלטן מיט די יאַהוד ביזן „לעצטן אָטעם, ביז די לעצטע מעגלעכקייטן פֿאַרן כּבֿוד און רום פֿון זיין אייגענעם אַראַבישן פֿאָלק".

לויט זיינע סיפּורי־מעשׂיות, וואָס האָבן זיך אַלץ מער׳ער צעוואַקסן, וואָס מער צייט ס'איז פֿאַרגאַנגען פֿון זינט ער האָט פֿאַרלאָזן זיין היים, האָט פּואַד געקעמפֿט ווי אַ לייב, פֿריער אויף די באַריקאַדן פֿון שטאָט, דערנאָך אין די בערג און טאָלן פֿון גליל, ביז מען האָט אים צוגעדריקט צו דער לבנונער גרענעץ און בלית ברירה האָט ער געמוזט זי איבערטרעטן און אָנקומען אין צייטווייליקן מקום מקלט אין קלויסטער הויף; אַ וואָ! וויפֿל צענדליקער יאַהוד ער האָט אויסגעהרגעט! מיט באָמבעס האָט ער זיך דאָך געשפּילט ווי קינדער מיט שפּילצייג!

פּואַדן פֿלעגט מען אויפֿנעמען אין אַלע קאַפֿע הייזער מיט כּבֿוד און התלהבֿות און מכבד זיין אים מיט כּל טובֿ. אין משך פֿונעם טאָג פֿלעגט מען אים אָנטרינקען אַ פּאָר צענדליק פֿינזשאַנען קאַווע, אָנקאָרמענען מיט וואָס נאָר זיין האַרץ האָט געגלוסט, מיט כומוס, מיט קובאַב, מיט פֿיש. היינט די „קובע", די באַרימטע ביירוטער קובע, וואָס צעגייט אין מויל ווי האָניק מיט ראָזשינקעס.

און דער באַרימטער לבנונער אַראַק, וואָס שמעקט מיט אַלע בשׂמים פֿון דער וועלט, מאַכט פֿריילעך דאָס האַרץ און צעבינדט די צונג און דערהויבט דיך ביזן הימל. פֿאַר יעדן גלעזל אַראַק האָט פּואַד געצאָלט מיט נאָך אַ פּאָר דערהרגעטע ייִדן, מיט איבערגעקערטע ייִדישע אויטאָמאָבילן, און נאָך דעם אַכטן גלעזל, פֿלעג ער שוין אָפּמעקן גאַנצע ישובֿים פֿון דער ערד. ס'איז אים געווען גוט און ווויל, ווען ניט דער פּליטים־מבול, וואָס האָט גענומען שטראָמען אין ביירוט אָן אַנהויב און אָן אַ סוף. וואָס מער פּליטים, אַלץ מער איז געפֿאַלן זיין כּבֿוד און אָנזען, זיין רום און גבֿורה, ביז ער איז אויסגעמישט געוואָרן אין דער צעטומלטער מחנה, ווי אַ קליין גרוי שטויבעלע אין אַ גרויסן זאַמד שטורעם. און אויס מיט פּואַדס בשאַראַס גוטע טעג.

זיינען אַוועק וואָכן און חדשים, די אַנטציקונג פֿאַר פּואַדן האָט זיך אויסגעלאָזט, ווי ס'לאָזט זיך אויס וואַסער אין אַ זיפּ, און פֿאַרקערט: די זעלבע אויגן וואָס האָבן אים פֿריער געגלעט, האָבן אים איצט געשטאָכן, פֿון די ליב־געזאַנגען זיינען געוואָרן קללות מיט פֿאַרוווּרפֿן „אַט

אזאַ צונג־מייסטער, אַ פּחדן, אַ דעזערטיר, וואָס איז אַנטלאָפן פונעם יאַהוד ווי אַ קראַליק, אַ בוגד, אַ לויז. אויסגעליפערט אַ היים, אַ שטאָט, אַ לאַנד, געקומען דאָ ווי אונדז ענג מאַכן דאָס לעבן, צונעמען די אַרבעט, דאָס ברויט, זוכן אַ לייכט לעבן".

ווער ווייסט, וואָס פון פואַדן וואָלט דאָ געוואָרן, ווען נישט די גוטע מענטשן פון פראַנס און אַמעריקע, וואָס שפּאַצירן אַרום פּאַרריסענע מיט בלויע בענדער אויף די אַרבל פון זייערע אויסגעפּוצטע מונדירן: „אַלע ברכות און אַלדאָס גוטס פון אַללאה אויף זייערע קעפּ און אויף די טראַכטן פון די מוטערס, וואָס האָבן אַזעלכע איידללייט אויסגעטראָגן און געבוירן"...

זיי האָבן פואַדן געגעבן אַ מאַטראַצל מיט צוויי דעקעס, זיי האָבן אים געגעבן אַ קאַרטל מיט נומערן, וואָס דערויף קריגט ער יעדן טאָג זיינע פיר פּיטעס מיט זופּ, מיט אַ פּושקע קאָנדענסירטע מילך, מיט צוקער, מיט רייז, — אמת נישט בשפע אָבער גענוג צו דערהאַלטן דאָס חיות.

איצט מיידט ער אויס די קאַפעען ווי אַ שד וויירויך. געווען אין אַ קאַפע, ער איז גראָד געזעסן אויפן נידעריקן בענקעלע און פאַרענדיקט מינירן אַ יִדישן באַן פול געפּאַקט מיט „הגנה" כלבים:

— אַט אָט, ווי די באַן האָט אויפגעריסן און צעריסענע גלידער צוזאַמען מיט אייזן, רעדער און ברעטער זיינען געפלויגן אין דער לופטן, — האָט אים עמעצער פון עולם אַ קנאַל געטאָן אין פּנים מיט אַ שווערער שמאַטע דורכגעזאַפּט מיט סאַזשע און וואַסער, ביז עס איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן און ער איז אַרויסגעלאָפן אין גאַס באַגלייט מיט אַ ווילדן געלעכטער און געשרייען. און ערשט די חרפּה אין גאַס, ווען אַ מחנה קינדער איז אים נאָכגעלאָפן און געגוואַלדעוועט מיט שמחה: — „גואר מין פּאַלעסטין" (אַ ציגיינער פון פּאַלעסטינע) און דער וואַרעמער קבלת פּנים אין לאַגער... בקיצור, פואַד האָט עס נישט געקאָנט אַריבערטראָגן. ער איז אַרומגעגאַנגען פינצטער ווי די נאַכט, גאַנצע נעכט האָט ער זיך געדרייט אויפן אַמעריקאַנער זעלנערישן מאַטראַצל, און איבערגעלעבט זיינע פּערציק יאָרעלעך אין חיפה, וואָס איז אים איצט געוואָרן אַ פאַרלוירענער גן־עדן.

חיפה, חיפה, — די טייערע וואַרעמע היים; דאָס וואַרשטאַטל צו פאַרריכטן פּרימוסן, אַלטע ראָווערן, פאַרלייטן קאַנען, פאַרריכטן שלעסער; זיין אַלטע מאַמע, די נישט געוואָרענע שידוכים, דאָס משפּחה־הייזל אין דער אַלטער שטאָט ביים ברעג ים. אָט דרייט זיך אַלץ פאַר זיינע אויגן ווי אַ פילם. ער שלאָפט דאָרטן אין דער הויכער בעט מיט די ניקלנע גאַלקעס אונטער אַ וואַרעמער קאָלדרע אַ געשטאָפּטע מיט שעפּסן וואָל. אַנטקעגן העגגט דער גרויסער טערקישער טרעמאָ־שפּיגל

מיט דער געשניצטער רעם אָנגעפּיקעוועט מיט זיינע פאָטאָגראַפיעס אין די פאַרשיידנסטע פּאָזעס. דאָס טישל מיטן פאַרריכטן פוס, מיט די לייסטלעך פון פערלמוטער; די שיינע פּאַפּירענע בלומען שטרויסן אויף דער ברייטער הילצערנער שאַפע, די שמעקעדיקע קאַווע צוגעפּראַוועט מיט נעגעלעך סינאַבער, און דער מאַמעס „פול" (באָב), כומוס און סאַלאַטן פאַרריבן מיט „נאַנאַ" (מענטע גראָז), און ווו די קניידעלעך שאַרפע „לעבעניע" און שמן זית? די איילבירטן, די אוגערקעלעך, די פעפערלעך, די אַלע אוצרות פון דער היים, ווו זיינען זיי?

האָבן טרערן געפלאָסן איבער זיינע נישט געגאָלטע באַקן, און די נאַגעניש, די בענקשאַפט האָט אים געפרעסן און געפּייניקט — ביז ער האָט באַשלאָסן: ער מוז צוריקגיין אַהיים, ער וועט גנבענען די גרענעץ און פאַלן צו די פיס דעם ערשטן איזראַעלישן פּאַטרול, און אָן בושה דערציילן דעם גאַנצן ביטערן אמת, ווי ער איז געווען, אַז בסך הכל איז ער, פואַד בשאַראַ, געווען אַ שטילער בעל־מלאכה, באמת נישט אָנגערירט אַ פליג אויפן וואַנט, מיט די יאַהוד האָט ער געלעבט ווי מיט אייגענע ברידער, און עדות האָט ער אָן אַ שיעור, אַז ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די אומרועס מיט די שיסערייען האָט ער פאַרקלאַפּט זיין וואַרשטאַטל אין מאַרק און טעג ווי נעכט געלעגן באַהאַלטן אין דער היים אונטערן שוץ פון דער אַלטער מאַמען, וועמען ער האָט אַזוי פּחדנותדיק איבערגעלאָזן אויף גאָטס באַראָט, און איז ביינאַכט אַנטלאָפן אויף אַ שיפל פון אַ באַקאַנטן שיפער קיין ביירוט.

זיך אַליין דאַרף ער דאָך נישט אָפּנאַרן: ער ווייסט אַפילו נישט, ווי מען פאַרריגלט אַ ביקס. קיין באָמבע האָט ער אין זיין לעבן נישט געזען, און בלוט, אָך ווי ער ציטערט פאַר בלוט! ער קאָן שטעלן פאַר אַן עדות די שוועסטער פון שפּיטאָל, אַ ייִדיש מיידל, ווי אַזוי ער האָט פון שרעק געחלשט, ווען זי האָט אים געפּרווט איינשפּריצן עפּעס אַ רפואה קעגן פּעסט אין יענע מגפה טעג... וואָלט אים די צונג בעסער אָפּגעדאַרט, איידער ער האָט אָנדערציילט אַלע וויסטע שקרים אין די ביירוטער קאַפעען. דער שטן אַליין האָט זיין צונג געדרייט, וויי און ווינד איז צו אים!

ס'זיינען אַוועק אַ סך טרויעריקע טעג און וואָכן ביז פואַד האָט געפונען די פאַרבינדונג מיט די גרענעץ שוואַרצער. ער האָט זיי אַוועקגעגעבן זיין זייגער, זיין רינג די שטאָלץ!) זיינע פּאָר געראַטעוועטע בגדים, אַלע אָפּגעשפּאַרטע אַמעריקאַנער פּושקעס, די קאָלדרעס און דאָס מאַטראַצל. אַפילו די שיך האָבן זיי אים צוגענומען די באַרימטע גזלנים, ביז זיי האָבן אים אין אַ רעגנדיקער נאַכט אַריבערגעפירט די גרענעץ און ווי אַ באַקשיש אַוועקגענומען זיין איינציק רעקל מיט די לעצטע פּרוטות פון קעשענע.

קיין איזראעלישע פּאַטרול האָט ער נישט געטראָפן, אַזוי אַז ער איז זיי צו די פיס נישט געפאַלן און זיין צונעגרייטע ווידוי איז געבליבן (מיט אַלע מליצות און שבועות) נישט פאַרברויכט. ציטערנדיק פון קעלט און הונגער האָט ער זיך דערשלעפּט צו אַ דערפל אין גליל, וווּ אַ דער־באַרעמדיקע פּעלאַכישע משפּחה האָט אים צעשראָקן אריינגענומען צו זיך, געגעבן אַן אַלטן קאַפּטאַן און נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת באַשלאָסן איבערצולאָזן אים דאָ ווי אַן אַרבעטער אָן געצאָלט (נאָר פאַרן עסן), ער זאָל העלפן פּרעסן דעם איילבערטן שניט. פואד האָט אַלץ אָנגענומען שטיל, הכנעהדיק אָן אַ פאָרוואורף, אָפּגעאַרבעט וואָסערע זעקס וואָכן, און צו זיין שטוינען האָט ער די גאַנצע צייט נישט זוכה געווען צו טרעפן איין איזראַאילישן זעלנער, איין איזראַאילישן פּאָליציאַנט.

אַז ער איז געקומען צו זיך, האָט ער שוין געפונען אַ פּאָר גוטע ברידער אין דאָרף וואָס האָבן אים געהאָלפן דורך כלערליי וועגן און אונ־טערוועגן זיך דערקלייבן קיין חיפה.

ס'קאָן זיין, אַז פואדס צוריקקער אין זיין געבורט־שטאָט וואָלט אַריבער אָן אַ רושם אויף מדינת ישראל, ווען נישט דער קלאָגעדיקער לייט־לאָמפּ, דער לייט־לאָמפּ פון זיין וואַרשטאַטל אין דער אַלטער שטאָט, מיט אַלע טרויעריקע פאָלגן פון דער פאַרשאָלטענער כלי!

שטעלט אייך פאָר, אַז פואד האָט געהאַט אין חיפה אַ פעטער, אַ לייבלעכן פעטער פון דער מוטערס צד. דער פעטער איז נישט געווען קיין טיפּש ווי ער, און איז נישט אַנטלאָפן אין יענע גרויל טעג פון פייער און טויט. ער האָט געראַטעוועט זיין פאַרמעג צוזאַמען מיט זיין שוועס־טער פואדס אַלטע מוטער, וואָס האָט נאָך געלעבט אַ פּאָר חדשים און איז פאַרגאַנגען אין צער און בענקשאַפט נאָך אים, איר איינציקן זון (זאָל אַללאה זיך דערבאַרעמען אויף איר גוטער נשמה און די טויערן פון גן עדן זאָלן פאַר איר בלייבן ברייט צעעפנט).

דער פעטער עלי מיט דער מוטער צוזאַמען האָט געבראַכט צו זיך אַלע היימישע אוצרות אפילו דעם טרעמאָ־שפּיגל), אַ בר־מזל אַזעלכער, אָט דער עלי, וואָס פאַרקויפט ביז היינט קאַווע, געקאָכטע שמעקעדיקע פינזשאַנען קאַווע, פון פייער אַראָפּ, הייסע מחיהדיקע, וואָס דערקוויקט אַלע ייִדישע טרעגער און שאָפערן פון דער פּאָרט גאַס. ער האָט נישט באַ־וויזן צו ראַטעווען פואדס וואַרשטאַטל, וואָס איז געפלויגן אין דער לופטן צוזאַמען מיט די טיילן פון דער אַלטער שטאָט, ווו מען פאַרלייגט איצט אַ נייע גאַס.

יאָ, אַ בר־מזל איז געווען עלי, וואָס האָט געלעבט אין יענעם אַראַ־בישן שטח אין אַ ירושה הייזל, וואָס איז געבליבן גאַנץ און די באַפעל־קערונג אין דאָרט געבליבן זיצן נישט באַרירט ביזן היינטיקן טאָג, הלואי אויף שטענדיק ביז קינדס קינדער.

האָט זיך פּואַד דערקליבן צו זיין פעטער. מען קאָן נישט זאָגן, אַז עלי איז געבליבן גלייכגילטיק צו זיין גאַסט, וואָס האָט אים מיט זיין פּלוצימדיקן דערשיינען איבערגעשראָקן צום טויט, יאַ, אַללאה, יאַ אַללאה!

ווילן מיר חלילה נישט שעדיקן עלין, אויסדערציילנדיק אַלע דער־שיטערנדיקע המצאות און פּרטים, ווי אַזוי ער האָט זיין שוועסטערס זון פּואַדן לעגאַליזירט מיט אַ שפּייז־קאַרטע פון אַ צווייטן שכן, וואָס איז אַ שטיקל משפּחה־מענטש מיט אים. וואָרעם נאָך אַלעמען איז עלי אַ גוטער פּשוטער מענטש, און זיין קאַווע וואָס דערקוויקט אַלע טרעגער און שאָפערן פון דער פּאָרט־גאַס, קאָן מען נישט אַוועק מאַכן מיט דער האַנט ווען ס'האַנדלט זיך וועגן דערהאַלטן אונדזער מאָראַל און די גוטע שטימונג אין איצטיקע שווערע צייטן. לאָמיר זשע איבערהיפּן די פּרשה פון פּואַדים לעגאַליזאַציע אין מדינת ישראל און בעסער אָפּשליסן די מעשה מיטן לייט־לאָמפּ. הערט אַ געשיכטע:

דעם לייט־לאָמפּ האָבן איבערגעלאָזן בירושה אַלענבים חיילות אין פּאַלעסטיין, די סאַפּיאָרן און דער אַלטער ר' שולמאַן זכרונו לברכה האָט אים אָפּגעקויפט פון בריטישן חייל מיט אַנדערע מלחמה־שיריים און ברוך. פּואַד פלעגט דעמאָלט אַרבעטן ווי אַ שיק־יינגל ביים שלאָסער אַדעל עפענדי באַרגוטי, האָט דער פעטער עלי, וואָס האָט געהאַט אַ ווייטן קוק, האָט איינגערעדט פּואַדס מוטער זי זאָל קויפן דעם לייט־לאָמפּ פאַר איר זון פּואַדן דעם צוקונפטיקן שלאָסער. וכך הוה; נאָך לאַנגע דינגענישן האָט זי דעם לייט־לאָמפּ געקויפט (פאַר 13 שילינג־מזומן) און פּואַד האָט מיט דער דאָזיקער כלי אָנגעהויבן זיין זעלבסטשטענדיקע קאַריערע.

דער לאָמפּ איז געווען אַ מעשענער, אַ ביסל אָפּגענוצט, אָבער נישקשה. ער האָט אים פאַרריכט, אויסגעפּוצט, מיט אַ טשוואָק אויסגע־קריצט זיין נאָמען אויפן שיינענדיקן בויך, און אַזוי אָנגעהויבן.

אַז פּואַד איז געוואָרן עלים רעכטע האַנט אין קאַווע־מסחר, פאַר־שטייט מען אַליין, וואָרום עלי איז געווען אַלט, און פּואַד האָט דערווייל קיין אַנדערע אַרבעט נישט געהאַט. ער וועט אויסברייטערן דעם עסק.

האָט עלי אויפגעמאַכט אַ „פיליאַלע” אויף דער קאַרמעליטן־גאַס, געגעבן פּואַדן אַ נייעם קריגל מיט אַ קוילן־ברענער, מיט אַ פאַרטעכל מיט קעלישקעס, און מען קאָן נישט זאָגן, אַז דער עסק איז אַוועק שלעכט. אפילו ייִדישע פּאָליציאַנטן און זעלנער פלעגן זייערע הערצער דערקוויקן מיט אַזאַ שמעקעדיקן בעכערל הייסע קאַווע, און צו פּואַדס שטוינען פלעגן זיי אפילו באַצאָלן מזומן געלט, נישט ווי אַמאָל די אַראַבישע און ענגלישע פּאָליציאַנטן, וואָס פלעגן טרינקען קאַווע ביי זיין פעטער אומזיסט, (נישט איינמאָל אויסגיסן די קריגלעך אויפן ברוק פון רשעות וועגן).

בקיצור אין אַ שיינעם טאָג שטייט אַזוי פּואַד אָנגעלענט אָן אַ וואַנט און זינגט אויס אַלע שבחים פון זיין סחורה צוקלימפּערנדיק קונ־ציק מיט די קעלישקעס אין די הענט און מיטאַמאָל; אַ חלום אָדער אַ מיראַזש! שטייט אַ ייִד מיט אַ וועגל — אַ וואַרשטאַט ווו ער פאַרריכט פּרימוסן מיט כלים און אויפן וועגל שטייט זיך שטאָלץ בראש פונעם ברוך־וואַרג פּואַדס טייערער אויסגעבענקטער לייט־לאָמפּ.

לכתחילה האָט פּואַדן אַרומגעכאַפּט עפּעס אומגעצוימטע פרייד. זיי איז אָבער תיכף אויסגעלאָשן געוואָרן. אַנשטאָט דער פרייד האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ ציטער און טיפע נאָגעניש. ס'איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן, ער האָט אַ שליידער געטאָן די בעכערלעך אויפן ברוק, אַ וואָרף געטאָן די אויסגעפּוצטע קאַן מיט דער קאַווע, וואָס האָט זיך ווי אַ ברוינע שלאַנג צעגאָסן אויפן גאַס, לעשנדיק די שיפּענדיקע צעשאָטע־נע אָנגעגליטע קוילן. פּואַד האָט זיך משוגע ווילד אַ וואָרף געטאָן צום וועגל און אַ כאַפּ געטאָן דעם לייט־לאָמפּ, צוגעדריקט אים צום האַרצן און זיך געלאָזט ווילד לויפן גאַס אַרויף.

דער ייִד פונעם וועגל איז ווי געפּלעפט געוואָרן פון דער פּלוצים־דיקייט פונעם אָנפאַל אויף זיין וואַרשטאַט, ער איז אָבער גיך צו זיך גע־קומען און גענומען שרייען מיט באַנומענע קולות:

ייִדן — ראַטעוועט! „ייִדן — אַ גזלן אַ רוצח — — — ייִדן” —.

פּואַד איז אָבער פאַרשוווּנדן ערגעץ אין לאַבירינט פון די אַראַבישע געס־לעך האַלטנדיק פעסט צוגעדריקט צום ברוסט דאָס אָפּגעפונענע רעשטל פון זיין פרירדיקן לעבן.

אויף דער קאַרמעליטן־גאַס מיט דער קאַווע וועט ער שוין איצט נישט שטיין. דער ייִד מיטן וועגעלע קאָן אים דאָך דערזען, און דאַן קאָן דאָך געשען דאָס אומגליק, און ס'קאָן זיך דאָך אַרויסשטעלן, אַז דאָס איז ער, פּואַד אַליין, וואָס איז בשעתו טנטלאָפן אויף אַ שיפל אין לבנון...

# אינהאַלט-פאַרצייכעניש

## I באַרג־אַרויף


יעמאַלט — 7
וואַרצלען — 14
דער טיש אין גרייט — 25
אפיקומן — 31
ברית מילה — 36
אמאָל — 44
היישעריק — 54


## II שטורעם


אין גרוב — 71
צעשטערט — 77
שטיל־לעבן — 82
דער מאַנטל — 87
אין מדבר — 92
צוריק אהיים — 100
נעגל — 112
דורות — 124
בחקותי — 140


## III שכנים


דער ברית־שלום — 149
אין די בערג — 163
דער לייט־לאָמפּ — 172

